# די מעשה מיט דער באבעצע

— א מאָל איז געווען א באבעצע
— ווער איז געווען די באבעצע?
— געווען א מאָל א נאקעטע האָלצע,
פלעג שפרינגען אויף דער פאָלצע,
אויף איין פוס מיט איין פאָפּעצע,
פון דעם איז געוואָרן א באבעצע.

— די באבעצע האָט געהאט א סך קינדערלעך.
— ווער זיינען געווען די קינדערלעך?
— חדושימלעך און וואונדערלעך.
מיידעלעך, ייִנגעלעך,
לאכן, מאכן חנדעלעך,
מילטערס פון די צינגעלעך,
ווייכשל פון די ליפּעלעך,
פינטלען מיט די אייגעלעך.

און שרייען אויף די ציינדעלעך
קייען ברויט און קיפּעלעך
און בייגעלעך מיט די קרישקעלעך.
ליידיקע קישקעלעך
ברעכן פּיסקעלעך
און שרײַען:
„קאַשע מיט מילך! קאַשע מיט מילך!"

איינמאָל קומט די באָבעצע אַריין
און זאָגט: „קינדערלעך! קינדערלעך, שטיל זאָל זיין!
נישטאָ קיין דרײַערל,
נישטאָ קיין פּײַערל,
נישטאָ קיין שפּענדעלעך,
מיר פאַר אייערע ביינדעלעך!"

הונגעריקע קינדערלעך
חדושן זיך און וואונדערן זיך:
„וואו איז ברויט און קיפּעלעך?
בייגעלעך מיט די קרישקעלעך?
וואו איז קאַשע מיט מילך?
קאַשע מיט מילך?

ענטפערט די באָבעצע: „שאַ, שטיל זאָל זיין!
סע קרייען שוין די הענדעלעך.
איך גיי אַצינד אין וואַלד אַריין
קלויבן שפּענדעלעך."

טיר און טויער מיט ריגעלע
פארינגלט אין אלע עקן.
באבעצע נעמט מיט דאָס קריגעלע
די טאָרבע מיטן גראָבן שטעקן.

די קינדערלעך בלייבן אליין
פאריגלט איז טיר און טויער,
זיי ווילן דעם דרויסן זען,
זיי צילן מיטן אויער.
א שאָרך טוט זיי דערשרעקן,
די נייגיר אָבער איז גרויס.
באהאלטן זיך און שטעקן
די קעפּעלעך ארויס.

2

די באבעצע טוט אין וואלד אריין גיין
אויפן וועג— די קאָוואלניע. די באבעצע בלייבט שטיין.
קלאפּט אָן מיטן שטעקן, דער האמער בלייבט שטיל.
דער קאָוואל וויל הערן, וואָס די באבעצע וויל.

די באבעצע זאָגט: חבר קאָוואל, דו ווייסט,
צו כאָוועץ קינדערלעך גרויס, וואָס דאָס הייסט!
דו קענסט מיינע קינדערלעך, איך דארף זיי ניט לויבן
שיין ווי די וועלט, און שטילע, ווי טויבן.
איך גיי איצט אין וואלד אריין שפּענדעלעך קלויבן,
דער גזלן, דאָס בערעלע, וויל זיי מיר רויבן.

דער קאַוואָל זאָגט: „באַבעצע, ווייסט בעסער פון מיר,
ווי שיין דיינע קינדערלעך זיינען ביי דיר.
נאָר שטילע — ווי טויבן, קען איך ניט לויבן,
ווען איך קוק אויף מיין פענצטער מיט צעקלאַפּטע שויבן,
אויף מיין בוים אָן א ווײַנשל יעדעם יאָר,
אויף מיין פערדעלעס קאָדע, קיין סימן פון האָר.
דאָך צו רעטן קינדערלעך, וועל איך ניט רוען,
זאָג, וואָס פאַר דיר און פאַר זיי כ׳האָב צו טוען!"

**די באַבעצע:**

דעם צעריסענעם האַלדז זאָל איך קינדערלעך כאַווען?
דאָס געשעט מיר, ווען דו טוסט זיין געזעם אָנקאַוון,
דערפאַר, ווען ער קומט, וויל איך ביי דיר פּוילן,
א לאָך מאַך אין בלאָזאַק, און פּיטשנאַס די קוילן.

פון וואַלד קומט דאָס בערעלע מיט שאַרפע ציין
און רעדט צו די קינדערלעך און מאַכט דעם חן:

קינדערלעך, קינדערלעך מאַכט אויף די טיר!
אינדרויסן איז קאַלט, איך שטיי און פריר.
איך קום פונעם וואַלד, אייער באַבעצע איז דאָ!
די קינדערלעך ענטפערן: באַיאָ! באַיאָ!

קינדערלעך, קינדערלעך, כ׳האָב שפּענדעלעך געבראַכט
און איר האָט נאָך דאָס טירעלע ניט אויפגעמאַכט,
כ׳האָב קאַשע, כ׳האָב מילך, אייער באַבעצע איז דאָ!
די קינדערלעך ענטפערן: באַיאָ! באַיאָ!

הערשעלע! ישראלעקל, פון אונטערן בעט!
איר ווילט גאָרניט הערן וואָס אייער באַבעצע רעדט?
פאַרשמירטע מיט שטויב און מיט פּאַוועטינע!
כ׳וועל ניט לאָזן דעם רבין אייך שטעלן אין קינע.
עפנט מיר קינדערלעך! אייער באַבעצע איז דאָ!
די קינדערלעך ענטפערן: באַיאָ! באַיאָ!

איציקל, רייזעלע! וואָס טוט איר אייך זוימען?
איר ווילט ניט אַרויסקריכן פון טירל פון קוימען?
שרעקט אייך ניט, וואָס איר זענט מיט סאַזשע פאַרשמירט,
עפנט אייער באַבעצע, וואָס שטייט און פרירט!
עפנט מיר קינדערלעך אייער באַבעצע איז דאָ!
די קינדערלעך ענטפערן: באַיאָ! באַיאָ!

גנעצעלע, בערישל, אין קעסטל פון קוילן!
אייער באַבעצע וויל ביי אייך קינדערלעך פועלן
צו ריקן דאָס ריגעלע, עפנט! איך שווער,
איך וועל אייערע נעזעלעך ניט אָפּווישן מער!
עפנט מיר קינדערלעך, אייער באַבעצע איז דאָ!
די קינדערלעך ענטפערן: באַיאָ! באַיאָ!

מרדכעלע, יעקבל! אין מעליקן זאק!
אייער באבעצע האט מעשהלעך און לעקעך א פאק!
עפנט אייער באבעצע! דאס בערעלע נישטא!
די קינדערלעך ענטפערן: באיא! באיא!

שבעלע, שבעלע! טייער מיידעלע!
ס'ארא געלע שיכעלעך! ס'ארא ווייס קליידעלע!
עפן! פייגעלע מיינס! דיין באבעצע איז דא
און שבעלע ענטפערט: שבעלע נישטא!"

שבעלע, שבעלע, דו זיצט דאך אין פלאש!
אין איין הענטעלע האלטסטו א המן טאש,
דאס אנדערע שפארט אונטער דאס קעפעלע,
דו זיצט דאך אויפן טעפעלע!

שבעלע פארמאכט די אויגעלעך פעסט,
זאגט: שבעלע נישטא! שבעלע עסט,
ווערט דאס בערעלע בייז,
לויפט צום קאוואל מיטן געזעס.

די באבעצע אין וואלד, קלויבט שפענדעלעך,
זי שפאנט דארט א פארטראכטע
צו אירע קינדערס הנדעלעך,
פארבארנענע, פארשמאכטע.

באוויזט זיך א גאָלדן קועלע
וואָס בלאָנדזשעט אויף די שטעגן,
מיט איר, א גאָלדן ציגעלע
אוןביידע טוען פרעגן:

„הונגעריק און מיד, מיר בלאָנדזשען שוין א צייט!
וואו וואוינט ערגעץ די באבעצע, די קלוגע, דאָ ניט ווייט?
זי זאָל אונדז געבן עסן, אויך א פּלאַץ צום רוען
מיר — איר זיסע מילך און א שורש טוען.״

## די באבעצע:

**זאָגט פון וואנען קומט איר, אויכעט ווער איר זענט!**
**אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָב איך אייך דערקענט.**

## דאָס קועלע:

„יאָ״ איך בין דאָס קועלע דאָס גאָלדענע, דאָס פרומע,
ס׳ווייסט נישט פון קיין יאָד מיין נאָמען, איך בין די פרה ארומה
איצט וויל איך האָבן קעלבעלעך און געבן זיסע מילך.
א שורש טון אָן צער־בעלי חיים, אייך אָפּצודינען וויל איך.

## דאָס ציגעלע:

איך בין דאָס גאָלדן ציגעלע, בייט זיך אָפּט מיין מזל,
מיין גורל באלד צו גאָט און באלד וועגן עזאזל,
באלד הינטער א וויגעלע, באלד פאָר איך אום צו האנדלען,
איז תורה די בעסטע סחורה, צי ראָזשינקעס מיט מאנדלען.

איצט וויל איך האָבן ציגעלעך און געבן זיסע מילך
א שורש טון אָן צער־בעלי־חיים, אייך אָפּצודינען וויל איך.

**די באבעצע:**

גוט, איך זאָרג פאר עסן און א פּלאַץ צום רוען
און איר וועט גיבן מילך און א שורש טון.
איר גייט מיט מיר, נאָר קודם — איר זאָלט אייך ניט דערשרעקן —
צום בערעלע ביים קאָוואל. זי — פּאָרוים מיט איר שטעקן.

## פאר דער קאָוואלניע

**די באבעצע:**

בערעלע, בערעלע! וואָס פּאָכסטו נאָך?
זע, ווי דער בלאָזאק איז סאמע לאָך!
און פּיטש־נאסע קוילן ווילסטו צעגליען?

**בערעלע:**

„לאָז אָפּ דעם בלאָזאק"! איז גרינג דיר צו זאָגן,
ווען מיך נאָגט דער הונגער, ניט איבערצוטראָגן.

**די באבעצע:**

„נא קאשע מיט מילך! זאט, אויסצולעקן!
איצט האלט מיט די פעדערשטע לאפעם מיין שטעקן!

טאנץ מיט די אינטערשטע מיט חן, גראַציעז,
א בערעלע זאט. איז ניט שלעכט און ניט בייז.
וועסט עסן מיט אלע בהמה־לעך פאַשע.
וועסט עסן מיט קינדערלעך מילך מיט קאַשע.
נאָר ניט קיין צאַפּלענדיקס, זוייגן זיין בלוט.
קום אויבעט מיט אונדז! דיר אויך וועט זיין גוט".

דאָס בערעלע קוקט צום בלאָזאק, דאָס בערעלע ברומט ברוגז:
איך בלאָז שוין פון פאַרטאָג, קיין פונק! איז וואָסזשע טויג עס!
באַבעצע, גיב דיין שטעקן, לאָמיר איינעם גיין.
כ'וועל טאנצן און מאכן: בו, בו! די קינדערלעך צו דערפרייען.

ביים טירעלע פון שטיבעלע די באַבעצע קלאַפּט.
די קינדערלעך אין שטיבעלע זיך אויפגעכאַפּט.

**די באַבעצע:**

עפנט, ממזרים! ס'איז שוין גרויסער טאָג!
קומט, לאָמיר זען וואָס איך, אַער באַבעצע פאַרמאָג.
א בערעלע וואָס טאנצט און מאכט: בו, בו!
א קועלע וואָס קייעט און מאכט: מו, מו!
א ציגעלע מיט א בערדעלע וואָס טרעסעט זיך ביים עסן
און אייך מיינע אוצרותלעך, האָב איך אויך ניט פאַרגעסן.

ריגעלע, ריגעלע, רוגז — מיר זייגען געווען ברוגז
ריגעלע, ריגעלע, ריק — מיר זייגען חבר צוריק.

ווערט א גרולה: „די באבעצע איז דא"!
און ס'עפנט זיך דאס מירעלע אין א גוטער שעה.

טאנצן און שפרינגען די קינדערלעך
חדושימלעך און וואונדערלעך
ארום שבעלעם וויגעלע
און זינגען דאס ליד פונעם ריגעלע.

ריגעלע, ריגעלע רוגז
מיר זיינען געווען ברוגז,
ריגעלע, ריגעלע ריק!
מיר זיינען חבר צוריק.

די באבעצע קומט צו גיין
און בלייבט פאר די קינדערלעך שטיין:
פריש און געזונט, זאלט איר מיר זיין
הייט! אין חדר אריין.

# דאָ אין מיין היים

מיין קינד, מיר קעמפן, זאָלסט ניט וויסן,
וואָס נע'ונד באַטייט.
ווי איך, וואָס וויים, פון שטורעם געשמיסן,
פון ביקסן ביי דער זייט.

פון ווערן פון א פיינט געיאָגט
אין א פאַריאָכטער וועלט.
געטריבן פון א בייטש, וואָס שלאָגט,
און פון א מויל, וואָס שעלט.

מיט קליינע קינדער אויף די הענט
און ניט צו טאָרן רוען ;
צו זען און וויסן נאָענט זייער ענד
און גאָרניט קאָנען טון.

מיר ווייסן, ווען ס'עמען אונדזער לעבן,
מיר האָבן צו פאַרדאַנקען.
און ווער ס'האָט אונדז אַריינגעגעבן
די אמתע געדאַנקען.

וואָס גלייכן אויס אַ יעדנס רוקן,
פון דורות איינגעבויגן
און רייסן אויס די מורא־בליקן
פון שרעקנדיקע אויגן.

דאָ איז מיין היים, וואו כ'האָב געליטן
פון ווילדן ראַסן־האַס,
דאָ איז מיין היים, האָט זיך געביטן
דער פירנדיקער קלאַס.

מיין קינד, די היים פון דיין געבוירן,
זי איז אונדז דאָפּעלט טייער.
מיר דאַרפן שיצן אירע טויערן
און אָנפולן איר שייער.

דאָ, וואו מ'ווערט ניט מיליאָנער
דורך סוחרעווען מיט קאָרן,
דאָ ווע'מיר זען דיך פּיאָנער
און גרויס, אַ מענטש געוואָרן.

# קרעשע-לידער

1

דו ביסט, מיין קינדעלע, איניינעם
מיט קינדערלעך א סאך,
דו ברעכסט דאָס פּיסקעלע צום וויינען
און איך, דיין מאמע, לאַך.

איך זע דיך ריין און טריקן ליגן,
איז וואָסזשע ווילסטו נאָך?
אויף ווינדעלעך, פרייע פּיסעלעך דריגען,
איז וואָסזשע דולסטו נאָך?

די קלוגע אייגעלעך דיינע פרעגן
וואו קומט א מאמע הין?
דו ביסט דאָך דאָ פון מיינעטוועגן
וואָס האָסטו נאָך צו טון?

גרינגע בלעטער, דריי מאסלינעס
פון א פרידנסצווייג!
א געזאנג צו דיינע קינות!
הער מיט קאָפּ און שווייג!

ווען טאטע־מאמע אין פאבריק,
אין שאכט צי אויפן פעלד,
זיי בויען דאָרט פאר אייך דאָס גליק
א זאטע, שיינע וועלט.

זאָל איך דאָ זיין ווי אין א שטייג,
ווען מיך רופט דאָרט צוריק?
ווען ארבעט רופט צום איבערשטייג
ביים בוי פון אונדזער גליק?

איך גיי און קום צוריק וואָס גיכער,
נאָר טאָמער איך פארשפעטיק,
א שוועסטער בלייבט מיט דיר, זיי זיכער,
זי טוט דיר, וואָס ס'איז נייטיק.

2

אָט בין איך דאָ שוין, קינדערלע!
דו וויינסט? מיין פרידנס־קעמפער!
איך וויל נאָר זען דיין בייכעלע
און געבן דיר אַן ענטפער.

דיר טוט דאָס בייכעלע ניט וויי,
ס'איז ווארעם, ווייך, געזעטיגט.
דיין ווייטיק איז, לויט איך פארשטיי,
דיר דאכט זיך, כ'האָב פארשפעטיקט.

שא שטיל! דו מאך נישט קיין געוואלד
איך פול דיין פיסקל אָן.
און גיב דיר איבער טאקע באלד
וואָס כ'האָב די צייט געטאָן.

איך האָב געארבעט אין פאבריק,
אי גוט, אי גיך. דאָרט רעדסטו,
פארלירט אויך אונדזער רעפּובליק
און דו ביסט פון די לעצטע.

דערנאָך א זיצונג דאָרט געהאט
ווען זאָלסט פארשטיין די רייד,
וואָלט דאָס אליין געמאכט דיך זאט
און וואָלסט געטאנצט פאר פרייד.

מען האָט גערעדט פון קלוגע זיידעס
מען דארף זייער לערנונג קענען
פון וואָס זיי לערנען אונדז די רייד איז
פון מארקס. פון ענגעלס, — לענין.

א וועלט מיט קינדער שיינע, זאטע
דאָס איז זייער פּלאַן געווען —
אַז זאָרג א מאמע און א טאַטע
אויף יעדן אָרט צו זען.

מיין קינד, דו קוקסט מיך אַן פארוואונדערט
ס'איז צייט אהיים צו גיין.
דו הערסט נאָר, וואָס איך רעד אצינדערט.
וועסט שפּעטער ערשט פארשטיין.

# איך בין געוואָרן פּיאָניער

איך בין געוואָרן פּיאָניער
און ווייס, וואָס איז דער מיין,
צו לערנען און פאַרשטיין, וואָס מער
און קיינמאָל בלייבן שטיין.

און טאָמער ווייסט א חבר מער
ניט שעמען זיך און פרעגן
און וואָס איך ווייס און אים איז שווער
זיין גרייט פון זיינעטוועגן.

צו קענען אויך דעם לעבנס־וועג
פון אונדזערע באפרייער,
די גרויסע לערער, גרויסע טעג,
וואָס דארפן זיין אונדז טייער.

א פּיאָניער דאָס הייסט ביי מיר,
אז כ׳האָב אין הארץ געשוואוירן,
געטריישאפט, ליבע אָן א שיעור,
צום לאנד פון מיין געבוירן.

# דייטשלאנד

פאָלק מיט איידלע דיכטער. דענקער!
איצט געפירט פון רוצחים, הענקער.

וואו ס׳גרייכט דיין פוס, דיין טאנק —
היהשער טריאומפ־געזאנג.

פון דיין טויזנט יעריק רייך,
צוועלף יאָר ווי טויזנט גלייך,

און פארשפרייטן טויט און שאנד
מיט דיין היטלערישער האנט.

היטלערס עטנישע געבאָטן
ווער סע גלויבט ניט, דעם אויסטראָטן.

ניי געזעץ פון אריער־רעכט,
נייער חוש פון גוט און שלעכט.

נייער טאָלק פון האר און קנעכט,
דייטשלאנד שאפט א ניי געשלעכט.

ראסן־ריינקייט, אריער בלוט,
אריער־טוגענט, — קראפט און מוט.

וואָס א פירער זאָגט איז גוט,
וואָס דער פירער הייסט אייך, טוט!

דייטשלאנד מאכט א נייעם קריג.
בליץ־קריג מיט א גיכן זיג.

מיטל־אלטער קומט צוריק
צו דערגאנצן אים זיין גליק.

מיטלייט האָבן דארף זיך לוינען?
ווייבער, קינדער. אלטע שוינען?

דאָס איז יודעאָ־פלוטאָקראטיש,
באָלשעוויסטיש־דעמאָקראטיש

אלטע, קראנקע. מאמע, קינד,
אלץ וואָס ארבעט ניט געשווינד,
קארגט א בליי און שפּאָרט א ברויט!
ווענן זיי א וואָלוולעם טויט!

פייער, וואסער, האק און זעג!
לעבעדיק אין גרוב! מען מעג.

וועלטגעשיכטע? גאָט? מאָראל?
ער פארענטפערט איבעראל.

היטלער, מיט דיין פאנטאזי
בליץ-קריג-זינג מיט ווייניק מי
מיט דיין ראסן טעאָריע
האָסטו זיך געפרייט צו פרי.

עסט נאָך זעמל, שפּעק און ווורשט.
בלוט, שאמפּאניער לעשט דיין דורשט.
מאמע הערט נאָך ווי דו שיסט
אירע קינדער אויפן מיסט,
ניט צו עסן ברויט אומזיסט,
און סע גאָרגעלט נאָך דיין האלדז:
דייטשלאנד, דייטשלאנד איבער אלץ!"

באלד פארשטימט דיין מאָרד-געזאנג!
היטלער א צעטרעטענע שלאנג!

הענגסט געפּאטשט פון שטורעם און ווינט!
אויבעט דיין בלוט לעקן הינט!

היטלער, מיט דיין פאנטאזי!
בליץ־קריג זיג מיט ווייניק מי,
מיט דיין ראסן־טעאָרי
האָסט זיך געפרייט צו פרי.

פאָלק אין נייעם פעלקער־בונד
וועט זיך היילן אויך דיין וואונד
ווייל ביים פרידנס זון אויפגאנג
וועט אויך יעבצן דיין געזאנג

אפריל 1944

# פראנצויזיש פאָלק

ווי א פּראָצענטניק אָן משכנות רוט ניט וואָלסטריט טאָג און נאכט
„מיין קאפּיטאל! צעוואָרפן ליגט עס, איבער ימים! כ'שטיי
און טראכט:

„דעם קאָמוניזם פון מיין פראנקרייך דארף איך זען ארויסצוטרייבן.
איך האָב דאָרט מיינע לייט מיט וואפן; כ'האָב דאָרט מייניקע,
וואָס שרייבן.

דער פויפּסט, איך האָף, וועט אויך מיר העלפן מיט זיין
וואָרט און מיט זיין פען
דעם היטלער־גייסט צוריק באנייען, ווי אין צייטן פון פעטען.

דאָס פראנקרייך איז מיר אונטערטעניק. ס'איז מיין קאפיטאל
דאָך זיכער.
„באנעצט מיט בלוט פון פראנקרייכס קינדער וועט מיין וועלט־
מאכט וואקסן גיכער.

און וואָלסטריט פיבערט, פאנטאזירט. דאָס פּנים — אָפּגעווישט
דער שמינק־
ווי א מכשפה איז איר בליק. פארדארבונג, טויט, פארשפּרייט
איר ווינק:

„אפּאָקאַליפּטישע מינוט! פארטוויזנטפאכט מיין קאפּיטאל!
די פאקטן, בלאָקן זיינען גרייט, איך ווארט שוין אויף דעם
קריגס־סיגנאל!"

אז אָך און ווי איר, וואָס זי זעט! אָן קייטן די חברים, פריי
און נעבן זיי — פראנצויזיש פאָלק, פאר וואָלסטריט אומבאקאנט
און ניי.

און אָך און ווי איר, וואָס זי הערט! פארגאנגענהייט ווערט
איצט דערמאנט
און מחנות לויכטנדיקע אויגן, אויסגעשטעלט ווי אויפן פראָנט:

„פון אונדזערע ענציקלאָפּעדיסטן ווערן מיר צוערשט געוואָר,
פון פרייהייט, א געדאנק צו פראוון און זיין ווערט צו מאכן קלאָר.

און אויב א לעבנסשטייגער טויג נימ, כאָטש געהייליקט פון
די צייטן,
אים מעג מען, אָן א זייטשע־מוחל, אויף א בעסערן פארבייטן.

אָט דער געדאַנק, פון פאָלק געטראָגן, ווערט א ווייסנדיקער שטראָם,
צעברעכט די ווענט פון דער באַסטיליע. שווענקט דאָס יחוס־מיסט
אין תהום.

דער ערשטער זיג. סע וואַקסט די קראַפט. אין אייגענע כוחות
די אמונה.
אימפּעריעס קומען. פאָלק באַשאַפט די זיבציקטאָגיקע קאָמונע.

גייט אויף דער צוקונפט־מאָרגן־שטערן. בלוט און פייער, רבי־געלט.
א לויכטנדיקער מאָרגן־שטערן פאַר דער קומענדיקער וועלט.

די פעלקער קעמפן וועגן פרייהייט. ס'בייגט צום ברעכן זיך —
א רוט.
קאָסט אכצן הונדערט אכט און פערציק — ניינצן הונדערט
פינף — בלוט.

און מאַרקס און ענגעלס, לענין, לערער ביי דער אַרבעטס וועלט
וואָס שאַפט.
זיי האָט זיך ביי דעם בלוטיקן קאַמף, אַנטפּלעקט די קומענדיקע
קראַפט:

אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ביי פּעטראָגראַד, ביי צאַריצין,
דער זיג אַקעגן היטלער־יאָך, ביים מאַרשרוט סטאַלינגראַד־בערלין.


c. 5841 —3

און מיר די ענציקלאָפּעדיסטן, סאנקילאָטן, קאָמונארן
און אלע פעלקער וועלכע קעמפן פאר באפרייען זיך פון בארבארן.

און דעם אלט־נייעם היטלער־שד פון אונדזער וועלט־טייל
צו פארטרייבן,
מיר אלע וועלן ווערן אייניק, אז קיין סלעד זאָל פון זיי בלייבן.

פראנצויזיש פאָלק וועט קיינמאָל קעמפן קעגן פאָלק פון די
סאָוועטן.
מיר אלע קעגן די בארבארן און פון וואָלסטריטס־הילף זיך רעטן.

# ביים ריין זיצט די לאָרעליי...

1.

א משל געהערט האָט א דיכטער
א משל פון גאָר אלטער צייט
וואָס וועקט און מאכט אים ניכטער
און קלאָר איז אים, וואָס דאָס באטייט.

אמאָל פלעג די לאָרעליי זינגען,
איר צויבער־געזאנג גאנץ אליין,
די שיפלעך פלעגן צעשפּרינגען,
די שיפער, פארגאפט, אונטערגיין.

ביים ריין זיצט די לאָרעליי,
זי קעמט זיך איר גאָלדענע האָר
זי זינגט איצט איר מעלאָדיי
באגלייט פון א מאָדנעם כאָר.

פון גרעקן־לאנד, איראן, טערקיי
גרייכט לידישער דאָלער־קלאנג
צום ריין, וואו די לאָרעליי
זינגט איר צויבערגעזאנג.

2

טרו! טרו! מען בלאָזט טראָמפּעט
מיט העפּ־העפּ! — הו־הו — באַגלייט,
עס פּעלט נישט צום כאָר זיך ווינטשן
א קרעכץ פון א נעגער ביים לינטשן.

עס וואַרפט זיך א שיף אין לייד,
צווישן פעלזן און וואסער־פאל
די זעגל קעגן ווינט געשפּרייט
נעפירט פון א פאָרעסטאל.

די לאָרעליי די אלט־נייע
מיט לירע און דאָלער־קלאנג
דארף רעטן די געטרייע
פון זיכערן אונטערגאנג.

איר זינגען וועט אָבער ניט קענען
דעם שטראָם אין זיין גאנג פארהאלטן
און פעלזענשטיינער זיינען
ווי פעלזן נישט צום שפּאלטן.

# דער ערשטער מאַי

(1889)

איר שאַפֿערס פֿון אוצרות, אַליין בידנע אָרעם.
פֿון מזרח, פֿון מערב, פֿון צפֿון, פֿון דרום.
אין פֿעלד, אין פֿאַבריק, ביי דעם שרייב־טיש, אין שאַכט!
צום קאַמף מיט די געטער, וואָס איר האָט געמאַכט.

אַכט שעה טאָג פֿון אַרבעט און העכערע לוינען
און קאַסעס פֿאַר קראַנקע און שטיבער צום וואוינען
אין קאַמף צו געווינען, אייער חוב און אייער רעכט!
איצט — זיי די בעלי־בתּים און איר זענט נאָך קנעכט.

אייער אחדות וועט מאַכן זייער כּח צו נישט.
זייער הערשאַפֿט וועט זיין פֿון דער וועלט אָפּגעווישט.
ווי געצן, וואָס ליגן אָן פּיס און אָן הענט
פֿון העק און פֿון פֿייער צעקלאַפּט און פֿאַרברענט.

# דער ערשטער מאי

(נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע 1917)

איר שאפערם פון אוצרות! אייער מאכט און אייער ווערט
האָט זיך שוין צעשפרייט אויף א זעקסטל פון דער ערד.
די בלוטיקע הערשער צעקלאפּט און פארלענדט
איצט — שאפן און בויען! באווייזט וואָס איר קענט!

פון בלוטיקע הערשער נישטאָ קיין געביין.
דאָך שונאים פיל, שארפן די שווערד און די ציין.
מאכט צענפאך דעם ארבעטס־טאָג, זייט אויף דער וואך,
כאָטש איר זענט איצט שטארקע און זיי זיינען שוואך.

פארגעסט נישט די בלוטיקע הערשער פון דרויסן,
וואָס זיי גרייטן צו און וואָס זיי זיינען אויסן.
אייער אחדות, אייער מי דארף פארטיליקן זייער מאכט,
דארף האָבן דער וועלט איר באפרייונג געבראכט.

# דער ערשטער מאי

(נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה 1945)

איר שאפערס פון אוצרות! איר האָט שוין באוויזן
אייער מורעשקע־פליים און די גבורות פון ריזן.
דער בלוטיקסטער שונא דער וועלטס ליגט צו דר'ערד
איר בויעט דעם שלום, וואָס ער האָט צעשטערט.

נאָר נייע בעלנים צו וועלט-מאכט באשפריצן
די דאָרשטיקע ערד מיט זייער גיפטיקער פינגע
און שלאנגן־קעפ שפראָצן, אויף פירער־בענק זיצן,
פארשפרייטן נקמה, — מלחמה, שרעק, שנאה.

די פעלקער, וואָס לעבצן זייט טויזנטער יאָר,
דעם חלום פון פרידן צו זען אויף דער וואָר,
זיי ווענדן צו אייך זייער דאָרטשטיקן בליק,
פאר פרייהייט! פאר שלום! צום קאמף! ביז צום זיג!

# דער פונק
(סקענטיא)

דער פונק וואָס לויכט און וואַרעמט,
אין חשכות נאָך געשיינט,
איצט ווענווייזער און שטערן,
מיר פייערן אים היינט.

דער היינט א גרויסער טאָג,
ביים אויפגעוואכטן פאָלק,
וואָס האלט אין האנט זיין גורל
און מייסטערט אויס זיין טאָלק.

דעם טאָלק וואָס דורות האָבן
געזען אים נאָר אין חלום,
דעם טאָלק, וואָס פולט דאָס לעבן
מיט פרייהייט, גליק און שלום.

---

„דער פונק" איז דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער רומעניִשער ארבעטער־פּאַרטיי.

דער פונק, דעם פאָלקס־גנעפיל,
זיין הארץ אין זיינע ג'הירן
פירט איצט גאָר קלאָר צום ציל.
דעם קאַמפּ צום זיג וועט דערפירן.

# צו דער רומענישער פאָלקס־רעפּובליק

די יידן צעזייט און צעשפּרייט אויף דער וועלט,
געלעבט אין די לענדער פון האַרן.
געצוואונגען צו טון וואָס די האַרן געפעלט,
מיט הענט הייסע קוילן צו שאַרן.

מען לאָזט זיי אַריין און מען טרייבט זיי אַרויס,
מען זוכט זיי פון פאָלק אָפּצושיידן,
מען רייצט אָן דאָס פאָלק אינעם לאַנד, אַז זיי זיינען
די סבה פון זייערע ליידן.

די יידן, זיי האָבן געלעבט אין איין שרעק
פאַר דעם, וואָס דער מאָרגן קען ברענגען,
געזען ווי סע ברעכט זיך אַ צווייג נאָך אַ צווייג,
אויף וואָס זייערע לעבנס הענגען.

דער פינצטערער מאָרגן פון היטלער־לאַנד
האָט עלנט און טויט אויסגעשפּרייט
און זעקס מיליאָן יידן ווי שאָף אומגעבראכט
און טרויער אויף דורות פארזייט.

דער שארית הפליטה פון אונדז יידן דאָ,
וואָס זיינען ביים לעבן געבליבן
מיר דאנקען סאָוועטישע העלדן, וואָס האָבן
באציי‌טעגס דעם שונא פארטריבן.

עס קומט דאָס רומענישע פאָלק אויך און נעמט
זיין גורל אין אייגענע הענט.
כלי־זין און ברודערשאפט מיט די סאָוועטן,
קעגן אמתן שונא געווענדט.

ווען אונדז האָט דער דריי און צוואנציקסטער אויגוסט,
געראטעוועט פיזיש דאָס לעבן,
דארף תיכף דער זעקסטער מערץ אונדז דערמאנען
אונדז פרייהייט און גלייכהייט געגעבן..

עס קומט אָן דער דרייסיקסטער טאָג פון דעצעמבער,
און מאכט א דערנער־וועג פריי,
די אכציק־יעריקע רויב־מאָנארכיע
פארשוואונדט, איז אויף אייביק פארביי.

מיר זעען, מיט פרייד, אויף איר פלאץ, דיך געזונטע רומענישע פאלקס־רעפובליק!
אין אייביקייט שפאנען, מיט דיר דיינע פעלקער,
אין אחדות, אין פרייהייט, אין גליק.

# זוילן

מאָטאָ

אויפן שלאכטפעלד אונטן, אויבן
פליען קוילן, מענטשן ליגן.
מלכים שלאָגן זיך ווי לייבן
כלאָפּעס פאלן ווי די פליגן.

מאריע קאָנאָפּניצקא

1

אָרעם בידנע ווי די נאכט,
רייך נאָר מיט זיין פרינצן־יחוס,
האָבן פריצים אים געבראכט
אויסצופירן זייער שליחות.

אז אין זיין ממשלה־ווינקל
זאָל פאר דעם המון זיין טונקל,
פאר די פריצים — ליכטיק, פריילעך,
וועט ער זיין א גוטער מלך.

2

זיצט דער מלך אין זיין היכל
צווישן נאָבלע, פרומע לייט.
און זיין פרומער חסד־שמייכל
ציט זיך און צעשפרייט זיך ווייט.

זאָגט א פריץ: „מיר פארמאָגן
זוילן, וואָס אויף זיי מיר טרעטן,
נישט אויף דר'ערד זיך אָנצושלאָגן,
ווען די פיס די בלאָטע קנעטן.

מיט די זוילן ווע'מיר קענען
אונדזער לאנד פון טערק באפרייען.
נאָענט ביי פלעוונע רוסן זיינען,
לאָמיר גיין אין זייערע רייען!

סטאנען זאָגט מען: ס'לאנד איז דיינס".
פרעגט ער: „וואוזשע איז מיין ערד?"
„האָסט קיין רעכט צו האָבן טענות,
ווייל אזוי איז דיר באשערט.

שווערן טערקן־יאָך מיר טראָגן,
דארף מען זיך פון אים באפרייען.
לאָמיר קעגן טערק זיך שלאָגן
מיט די רוסן אין די רייען!"

סטאָן הערט אויף זיך צו באקלאָגן,
ווייסט און פילט אויך, וואָס מען זאָגט.
און ער איז געגאַן זיך שלאָגן,
כאָטש דער פריץ אליין פארמאָגט.

אין געגאַן צום קריג דער מלך,
הערט ער מוזיק, וואָס געפעלט אים.[1]
דער קאַנאָן דונערט פריילעך.
שווערדן קלינגען, וואָס נאָך פעלט אים?

אויפן שלאַכטפעלד איז א לעבן.[2]
קוילן פליען, מענטשן ליגן.
מלכים שלאָגן זיך ווי לייבן.
כלאָפּעס פאַלן ווי די פליגן.

איז דער שונא טערק אנטלאָפן
און דער מלך האָט געזיגט.
סטאַנען האָט א קויל געטראָפן
און מען ווייסט נישט וואו ער ליגט.

3

וואָס די ערד דעקט צו — פארגעסן!
לעבן לעבעדיקע סטאַנען,
מאָנען ערד און ווילן עסן.
נעם און גיב זיי! האָסט פון וואַנען?

[1] „הערט ער מוזיק, וואָס געפעלט אים", ביים ערשטן קאַנאָנען־שאָס ביי פלעוונע זאָל דער מלך — דעמאָלט פרינץ — האָבן געזאָגט: „דאָס איז די מוזיק וואָס געפעלט מיר". דעם קריגערישן שטעל פון א פרייסישן מיליטאַריסט האָט מען אין די שול־ביכער געגעבן פאַר א מאָדעל פון קעניגלעכער טוגענד.

[2] די דאָזיקע סטראָפע איז פון א פאַציפיסטיש ליד פון דער פוילישער דיכטערין מאַריע קאָנאָפּניצקא מיט א קליינער ענדערונג. די דאָזיקע סטראָפע שטייט אלס מאָטאָ געננוי ווי אין אָריגינאַל.

פריץ זאָגט: „די ערד איז מייגע!"
עדות ברענגט ער דעם זשאנדאר.
קליידער און מאכלים פיינע —
פולע לאָדנס. צאָל מיט באר!

באר מזומן קען דען סטיען?
פריץ נעבעך מוז אויך לייען.
גרוים די שפּעזן אין פאריז.
ווער שמועסט מאָנטע־קארלאָ, נים!

ס'דאַרף פארלאָזט אויף גאָטס באראָט,
סטאנס א ברודער גייט אין שטאָט.
לויפט אים נאָך זיין ברודערס גליק.
ארבעט שווער אין א פאבריק.

לעבן דאָרט אסך איניינעם
נישט צעשפּרייט. מיט גרוים פארטרויען
חלומט מען א טרוים א שיינעם
און מען טראכט אויף וואָר אים בויען.

קלאנג פון מארקס און ענגעלס וואָפן
ווייזט דעם וועג און לאָזט נישט שלאָפן.
הערט דער מלך, ווערט צעמישט.
מוזיק, וואָס געפעלט אים נישט.

קוקט דער מלך ווי פארוואונדערט:
„סטאן מאַנט ערד גאָר! נײַנצנהונדערט
פינף — חבר צאר געשריבן,
איך שייב: נײַנצנהונדערט זיבן.

ווייל מיין פאָלק מאַנט ערד און ברויט,
וועל איך לינדערן זיין נויט".
עלף טויזנט פויערים טויטע,
גלות, תפיסות פאר די רויטע.

4

זיצט דער מלך אין זיין היכל
צווישן נאָבלע, פרומע לייט.
און זיין פרומער חסד־שמייכל
ציט זיך און צעשפרייט זיך ווייט.

קומט אריין הער מאָסקו בעריש
מיט זיין בירגער־רעכט־געבעט:
„אין בערלין, אייער וואָרט! בפרוש!
נישט פארגעסן! מאיעסטעט!"

כאַפט אַן טויט־שרעק אלע פריצים.
„קיינעם!" לאכט דער מלך — „חוץ אים.
דאָס האָט גאָרנישט וואָס צו טון
מיט דעם אָפמאך פון בערלין.

כ'האָב, ווי איר, די יידן פיינט.
דער איז אַלט. מיין האנדלס־פריינט.
ט'האָב איך דאָ צו אונטערשרייבן
יידן פון די דערפער טרייבן!"

(Ce-i în mînă nu-i minciună)
וואָס אין האנט איז נישט קיין ליגן.
נעמט דער מלך א מתנה.
בעריש האָט דאָס רעכט געקריגן.

דער דעקרעט — אונטערגעשריבן.
יידן פונעם דאָרף פארטריבן.
יידן לויפן ווי די מייז —
זוכן שוץ און רו און שפייז.

5

זיצט דער מלך אין זיין היכל.
צווישן נאָבלע, פרומע לייט.
און זיין פרומער חסד־שמייכל
ציט זיך און צעשפרייט זיך ווייט.

נישט מער אָרעם ווי אמאָל
איז באנקיר און פאבריקאנט,
ערד און פאלאצן אָן צאָל.
גרעסטע פּויטיקע אין לאנד.

רעדט דער מלך. פּריצים פּליעסקען.
זאָגט צום פּריץ מאַיאָרעסקו:
„זאָל דער נאָבלער הויף־עסטעט
זאָגן, ווי די זאַך באַשטייט!"

מאַיאָרעסקו רעדט געלאַסן,
ווי אין זאַלן, נישט אין גאַסן.
נישט א פּראָלעטאַר א וויסטער.
ס׳רעדט דעם מלך׳ס פּרים־מיניסטער:

„אויסלאַנד ווינקט אונדז צו א גליק
צו באַהערשן א געטומל.
רווח א פּירזייטן־שטיק
פונעם אָפּגרונט ביז צום הימל.

ווען א פּולווער־פאַס — אין בראַנד,
קען א שכן רויק קוקן?
דאַרף דאָך זיין א שטאַרקע האַנט
ס׳ווילדע פייער צו דערשטיקן!

אויף באַלקאַן — דער אָרדנונגס־היטער,
צווישן פעלקער דער אַרביטער.
ווייל פון דרויסן קומט דער ווינק
וועט די זאַך אויך צוגיין גרינג.

איצט אין שכנס נויט, איז גוט
אויסצונוצן די מינוט.״
הארציק שרייט מען: „שטארקער אָרעם!
צו די גרענעצן פון דרום!״

איז אוועק צום קריג דער מלך
הערן מוזיק, וואָס געפעלט אים.
דער קאנאָן דונערט פרײלעך,
שווערדן קלינגען... וואָס נאָך פעלט אים?

פעלט אים כאָטש צוריק איין שאָס.
אויגן טרעפט ער — האס, פארדראָס.
און דער מלך האָט פארגעסן,
אז סאָלדאטן דארפן עסן.

נאשט מען פלוימען. מ׳עסט זיך איבער,
פאקט דער מאָגן. כאָליערע שרעקט.
ווארפט מען לעבעדיק אין גריבער
און מיט קאלעך צוגעדעקט.

אונדזער סטאן איז אויך דערשלאָגן.
לעבט און פילט, ווי אים איז ביטער.
ליגט אין קאלעך־גרוב באגראָבן
און דער מלך ווערט ארביטער.

ס'לאנד באקומט דעם קאדרילאטער.
פּריצים ווערן רייכער, זאטער.
יענעם סטאַן האָט מען פארגעסן,
אנדערע מאָנען ערד און עסן.

צוגעזאָגט זיי. מ'האָט פארשריבן.
און א שפּאַן־ערד נישט געגעבן.
ווי דער שטייגער, מ'האָט גערעדט.
ס'איז געבליבן אז מען ועט...

6

ניינצנהונדערט דרייצן גייט.
קומט דער ניינצנהונדערט פערצן.
וועלט־מלחמה! זי באגלייט
טויט און טרויער, נויט און שמערצן.

אין דעם קליינעם מזרח־ווינקל
וואו פאר דעם המון איז טונקל,
פאר די פּריצים ליכטיק, פריילעך,
לעבט נאָך אונדזער אלטער מלך.

ווייל אליין א דייטש פון דייטשן,
יענע מיט די לאנגע בייטשן,
האָט זייט לאנג מיט זיי א בונד,
וויל אויך גיין מיט זיי אצינד.

פסקעט דאָך זיין בית־דין־שטיבל:
זייער ארמיי איז אינווינטשיביל...

קומט דער פּרעמיער בראַטיאַנו
און נאָך פּריצים מיט א טענה:
„סטייטש פראנצויזן! און די בריטן!
האָבן געלט און שיינע זיטן.

זיינען גרויסמאכטן באקאנטע,
לאָמיר גיין מיט זייער אנטאנטע!
ס'קען אויך זיין אונדזער סיגנאַל
צו באפרייען דעם ארדעאַל.״

ווי זיי שפּארן זיך דעריבער,
זיינען צוויי יאָר שוין אריבער.
ס'דריטע, נייַנצנהונדערט זעכצן —
וועלט־מלחמה. פעלקער קרעכצן.

סטאן פילט נאָענט א פינצטערע כמארע
נאָך צוויי יאָר פון קאָנטשענטראַרע,[1]
רייבט די ביקס א טאָג א גאנצן
און די קנעפּ, זיי זאָלן גלאַנצן.

---

[1] קאָנטשענטראַרע. = איינרוקן אין מיליטער.

און ער הויבט נישט אָן צו וויסן,
ווען מען וועט מען הייסן שיסן,
און מיט וועמען זיך צו חברן.
רייבט די ביקס ער, זאָל נישט זשאַווערן.

7

לעבט א מלך ביז ער שטאַרבט...
אונדזער מלך אויך געשטאָרבן.
האָט א נייער אים געאַרבט
און די ערד דעקט צו איר קרבן.

נייער מלך, אַלטע עבירות,
מיטן אַלטן מלכס גזירות.
נייער מלך, אויגן בייזע
פונעם אַלטן מלכס גזע.

נאָר בטבע ליבעראַלער
און מען רופט אים „דער לאָיאַלער".
הייסט ער שמייסן, איז לאָיאַל —
פראַנק און פריי און איבעראַל.

אין זיין ספר־פּראָלניק זעט:
„שמייסט אויף וואָס די וועלט נאָר שטייט!"
האָט קיין גלאַנץ נישט סטאַנס א קנאָפּ,
פּליאַסק אין באַק און טראַסק אין קאָפּ.

פון די יאָרן פון מאַנעווער
האָט שוין סטאַן קיין גאַנצן אבר.
ווייסט נאָך אַלץ נישט, רעכטס צי לינקס,
און עס שוויַיגט נאָך אַלץ דער ספינקס.

ספינקס בראַטיאַנו שוויַיגט. ברעכט מוחות.
יאָגן הין, צוריק וואַגאָנען.
סטאַנען גייען אויס די כוחות,
קומען אין די בענק מיליאָנען.

שאַ! עס רעדט דער ספינקס, דער חריף,
אים פאַרשמעקט, געשטרעקט דעם אָרעם
צו די באַרג־גראָזן פון מערב
און צום גרינצייג פונעם דרום.

איז אוועק צום קריג דער מלך
אויסצופירן וואָס זיין וואונטש איז.
פלאַסקען אין דער נעץ פאַמעלעך
פינף הונדערם טויזנט פינטשעס.[1]

סטאַן מיט זיין משפחה מענער
טראָגן אויף די אַקסלען ביקסן.
אַלטע „מאַנליכער”, וואָס קענער
זאָגן, אַז זיי שיסן פיקסן.

---

[1] אָפּינטשעס = פּאָסטעלעס.

און די מחנות גייען, גייען.
ביז צוריק אויף א ציקאווע
מיט עקזאנטעמאטיק־ווייען
פיבערן אין קליין־מאָלדאָווע.

מיט זיי מחנות טשערטשעטאשן [1]
איינער פונעם צווייטן יינגער.
נישט דערשלאָפן, נישט דערוואשן
ליידן דחקות, נויט און הונגער.

ווער איז שולדיק ? די שפּיאָנען !
ווער זיי זוינען ! ס׳איז א חידוש ?
יידן אויפן פראָנט מיט פאָנען,
יידענעס אין שטאָט — מיט יידיש.

6

יאס, די הויפּט־שטאָט פון מאָלדאָווע,
כאָרבלט טויט און אָרגיעס־טענץ.
אויסגעפּוצט נאָר ווי א פּאווע
איז דעם מלכּס רעזידענץ.

טאנצט די מלכּה מיט די פּריצים
און דער מלך — מיט די פּריצעס.
ווערט די מלכּה ערנסט פּלוצעם
און דער מלך — גאָט און ציצות !

[1] טשערטשעטאשן : יוגנטלעכע, דערצויגן אין מיליטער־ישן גייסט.

„ווי אונדז! פרייהייט, ברויט און פרידן,
מאַנען רוסישע סאָלדאַטן
און זייער צאַר אין קייטן שמידן
זיי פאַרבינען זיך אין ראטן!"

„נישט געשראָקן, מאַיעסטעט!"
זאָגט דער ספינקס — „מיר האָבן צייט.
שטערט אייך נישט אין אייער פרייד!
רוסלאַנד האַלט נישט אַזוי ווייט.

רוסלאַנד הויבט אָן גיין דעם גאַנג[1]
וואו מיר שפּאַנען שוין פון לאַנג,
נאָך מיט פערציק יאָר צוריק.
און מיר ווינטשן רוסלאַנד גליק.

מיר פאַרהיטן ווי פאַר פּעסט
אונדזער סטאַן זאָל זיך ניט ברידערן
מיט די באַנדעס אונדזערע געסט.
סטאַנס קאָפּ דאַרף מען ניט צערודערן.

סטאַן דאַרף וויסן, פריער אָן טענות,
אַלץ איז שלעכט, וואָס דאָרט געשעט.
שולדיק זיינען דאָרט זשידאַנעס
ווי אויך דאָ אין אייגענע לייד.

[1] מיט די דאָזיקע היפּאָקריטישע ווערטער האָט דער פּרים־מיניסטער באַ־גריסט אין פּאַרלאַמענט אין יאַס, די רוסישע רעוואָלוציע מיט דער צייטווייליקער רעגירונג.

מיר'ן שוין וויסן מן הסתם
רעדל־פירער צו באזייטיקן
איידער נאָך א גיפטיק סם
זאָל אויף אונדזער ערד זיך צייטיקן".

הערנדיק אזעלכע רייד,
קערט זיך אום צוריק די פרייד.
און די נאָבלע הוליען ווייטער
אלץ פארשייטער און פארשייטער.

9

ספינקס בראטיאנום וויסטער חלום:
ס'קומט צו גיין מארגילאָמאַן,
מאכט נאָר מיט די דייטשן שלום
סענדערל פילאָגערמאן![1]

און מעןווארפט דעם ספינקס אין תפיסה
ס'הייסט פאר מעשים זיינע מיאוסע.
פילט שוין אויף זיין האלדז דעם שטריק,
כאפט זיך פלוצעם אויף — א גליק!

גייען אוים די כוחות ווילהעלמען.
הויבט דער ספינקס אָן ווידער שעלמען,
ווידער גייט צום קריג דער מלך
און קאנאָנ דונערט פריילעך.

[1] סענדערל פילאָגערמאן — סענדערל אנשטאט אלעקסאנדער. ווי פארקויפטע צו די יידן, נישט אמתע פאטריאָטן.

צווישן בלאָטיקע טראַנשייען
חלומט סטאַן אַ רגע ס'דאָרף.
ביי זיין פענצטער הענער קרייען...
פּלוצים טוט מיט אים אַ וואָרף.

וואו געטראָפן ס'האָט דער שאָס
שטייט אַ קרוב מיט אַ כּוס.
לאָזט אַריינרינען דאָס בלוט.
האַלט דאָס הויך און זאָגט מיט מוט:

„ס'איז דיין בלוט מיר הייליק, טייער,
כאָטש ס'איז קיינמאָל פול דיין שייער.
דו ביסט אָרעם, איך בין רייך,
נאָר רומענער זען'מיר גלייך.

מיט דיין פאָרט גיי איך צום וואָדע
מיט איצאַרעס [1], סטאַן אַריבער,
איך בין שטאָלץ מיט דיר אַוודאי,
כאָטש דו ליידטסט פעלאַגרע, פיבער.

כ'וועל אים זאָגן, וואָס מיר זיינען.
מיט דיין בלוט וועל איך שטאָלצירן.
מיט זיין גנאָד וועל איך שוין קענען
ס'לאַנד אויף אונדזער שטייגער פירן.

[1] איצאַרעס == ווייסע, לאַנגע הויזן פון ליאָן, געפּאַסט צום פּיס, וואָס דער רומענישער פּויער טראָגט.

דו זאָלסט האָבן ערד, כאָטש ווייניק.
מעגן אנדערע האָבן מער.
עיקר איז: א פאָלק איז אייניק,
טייל מעג לעבן גרינג, טייל — שווער.

מאמעליגע מיט מוזשדיי [1]
און איין אוגערקע פאר צוויי!
כאָטש ביים שכן גוטס און שיינס.
פאָלק און לאנד און וואָדע — איינס!

טויט פאר יידן און בולגארן,
טראנסילוואנישע אונגארן!
ס'לאנד פון אָט די פרעמדע רייניקן.
וואָדע אויף איין פאָלק זאָל קיניגן.

10

21, 8 אין מאי [2])
קאָמוניסטישע פּארטיי...
צווישן מאָרד און האס־געשרייען
הערט מען קולות וואָס רערפרייען:

,,פראָלעטאר פון אונדזער־לאנד,
שטרעק צום חבר אוים דיין האנט!

[1] מוזשדיי = צעריסענער קנאָבל מיט עסיק.
[2] דעם אכטן מאי 1921 איז געשאפן געוואָרן די קאָמוניסטישע פּארטיי פון רומעניע.

אָפּשטאַם זאָל אונדז נישט צעטיילן,
ווי די אויסנוצערס באַפעלן!

ס'לאַנר פון אויסגוטצערס צו רייניקן
לאָמיר אַלע זיך פאַרייניקן!"
21, 8 אין מאַי
קאָמוניסטישע פּאַרטיי,

11

שטייט אַ קבר אויפן פעלד
צווישן אויסגעפולטע גריבער.
ווערט אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט
פאַר אַן עדות, וואָס דערציילט
פון אַן אומבאַקאַנטן גיבור.

אונטן ליגט זיך סטאַן, און אויבן
קומען אַלערליי פאַרשוינען.
דיכטער זינגען, ריידנערס לויבן,
קלינגען אין דער גאַס די שויבן,
ברענגט מען אים לכבוד קרוינען.

מיהאַלאַקע און מאַניו,
קומען חבריש געאָרעמט,
קוצעניו און מוצעניו...
אין אַ מזלדיקער שעה
האָט זיי וואָדע אויסגעפאָרעמט

צו אן אָרדענונגס־פּארטיי
וועגן צוויי, וואָס אים איז נויטיק,
אויף צו בייטן נאָך דער ריי,
פאַרן פאָלק מיט גאָרנישט ניי,
פּעלץ פוןביידע זייטן קויטיק.

12

נייגצנהונדערט צוויי און צוואנציק —
ניינצנהונדערט דריי און דרייסיק.
אויפן מלכס שטראָז ווערט שאנציק,
פערדלעך קריכן, שמייסט מען פלייסיק.

קריזע, לוין־פאַל און אינפלאַציע.
דארף מען ראטעווען די נאַציע.
שולדיקע? מינאָריטעטן!
פון פאבריקן, פאקולטעטן.

נומערוס־נולוס רעטעט אַלעס,
ווערט דער פּאַנצער פאַרן דלות.
בעסער נאָך די פרעמדע טויטן,
ווערט מען פריי פון אַלע נויטן.

איבער סטאַנען א געדורער.
מיט באַלעבאַטים קעמפט זיין ברודער,
מאָנט נאָך אַלץ, האָט נישט פאַרגעסן:
אכט שעה ארבעט, קלייד און עסן

און פון אויסנוצערס זיין פריי.
נאכן פלאן פון זיין פארטיי.

זוכט א בונד מיט א ברודער סטאן
אים צו שטארקן אין דעם גלויבן
ס׳איז א מעגלעכקייט פאראן
נישט צו לאָזן זיך בארויבן.

אויף א זעקסטל פון דער ערד
האָבן ברידער זיך געווערט
און פון אויסנוצערס באפרייט.
שאפן זיי א נייע צייט.

זעט דער ברודער סטאנס דעם פונק
פונעם גרויסן טאָג דעם נייעם,
וואָס דאָס מאכט אים שטארק און יונג —
גרייט צום קאמף, זיך צו באפרייען

נאָר דערווייל אנשטאט צו פוילן
שיקט מען אים אין הארצן קוילן.

13

יענע צייט. אין קליינעם וויגקל,
וואו פאר דעם המון איז טונקל
פאר די פריצים ליכטיק, פריילעך
שטארבט אוועק א צווייטער מלך.

קומען זיך צונויף די פריצים,
ווייזן שטאט דעם זון — דעם אייניק,
דריי נאָך פאר רעזשעניץ[1] אחוץ אים,
שרייט מען: לעבן זאָל דער קעניג!"

פון דער לופטן אָנגערירטן,
פון דער טעמזעס פייכטער לופט
סיטים מענטש מיט סיטים זיטן
אויף דער דימבאָוויץ געמופט.

קומט צו פליען ווי אין מעשיות
און ער טוט און זאָגט אויף גיך:
„דו מיין קינד, דיין לאנד, אלץ מיינס איז,
ירשנען מיין טאטן — איך!

האָב איך מיר א גייעס טאָלק.
איך דערקען נאָר גאָט און פאָלק:
ס'פאסטעכל פון מאגלאוויט[2]
און דעם „יאָ" פון פלעביסציט".

פון דער לופטן אָנגערירטן,
פון דער טעמזעס פייכטער לופט
סיטים מענטש מיט סיטים זיטן
אויף דער דימבאָוויץ געמופט.

---

[1] רעזשעניץ = שטעלפארטרעטער פונעם מינדעריאָריקן קעניג.
[2] ס'פאסטעכל פון מאגלעוויט, צו וועמען „גאָט האָט זיך באוויזן".

סיטים לירישע אקאָרדן
צו פארשפרייטן ער פארמיטלער.
הערט דעם קאפיטאַנס אָן אָרדן [1]
שרייען הויך און שטארק: „הייל היטלער!

ווייזט דער מלך אויגן בייזע
פון דעם אלטן מלכם גזע,
קען אליין, אָן יענעמס היקן,
יעדן פרייען דעך דערשטיקן.

צו פארהיטן סיטים שאָדן
שטייען שוין ביקסן אָנגעלאָדן.
אָבער ס'העלפט נישט, מ'הייסט אים פאָרן
נאָך די זיבן גוטע יאָרן.

עלטער שוין דעם זיידנס איינקל
און ער ווערט שוין ווידער קעניג.
דאָך א פירער פירט ביים הענטל,
ווייזט אים, וואו מען דארף א טענטל.

גאָרניט שולדיק, נאָר הנאה.
שרייבט נאָר אונטער, אָן שום טענה.
עלטער זיידנס א צוואה:
„זיי געטריי די פריצים דיינע!"

[1] קאפיטאַן = די לעגיאָנארן האָבן גערופן זייער פירער קאפיטאַן.

## 14

שלאנגען־אויגן — היטלער־צורה
שפּייט זיין גיפט אויס אין „מיין קאמף‟:
„אויב נישט זיגן, זאָל מיין גבורה.
איבערמאכן אלץ אין דאמף!‟

קומט לאָרד טשעמבערלען צו פליען,
נעמט ארום דעם פירערס קניען:
„שטער נישט אונדזער בייבלס חלום!
נעם דיין מזרח־וועלט און — שלום!‟

נעמט ער עסטרייך, נעמט סודעטן
אָפּגעמאכט. ס'איז נישט צום רעטן.
קנאקן ביינער ביי פּאָליאקן,
יידן, טשעכן און סלאָוואקן.

פילט דעם ביסן גרינג און זיס,
טוט א וואָרף זיך — נעמט פּאריז.
טשעמבערלען און טשורטשיל פרעגן:
„ס'איז דאָרך מערב! שווינדלען מעגן?‟

אָבער קויל און שטאָל־מאגנאטן
זאָגן: „פו־פו! ס'זאָל נישט שאטן!‟
פאבריקאנטן פון געווער
קענען שוין פאר פרייד נישט מער.

שעפּטשען: „מזרח!‘‘; היטלער טראַכט:
„צייט צו גיין אויף ראַטן־מאַכט!“
אין דער זעלביקער מינוט
סטאַן — געשטעלט ביים ברעג פון פּרוט.

סטאַן הערט, אַז דער קריג איז הייליק.
גרויס זיין עולם־הבא־חלק;
ס'איז אַ בליץ־קריג. גיך דער זיג.
שלום — און אַהיים צוריק.

און היסטאָרישע פּאַרטייען,
אין די הענט צו טעפּ מיט לינטע,
שטייען אין אַ זייט און שרייען
מיטן פירער „אינאַינטע!“[1]

15

היטלערס ספּאַציום וויטאַל:
טויט און חורבן איבעראַל,
בליענדיקע לעבנס־בייטן
העלפט אויך סטאַן מיט זוילן טרעטן,

באָלשעוויקעס, יידן,
לעבעדיקע מענטשן ברענען
ווי אין שבט־מוסרם גיהנום,

[1] אינאַינטע = פּאָרויס

אַלטע, קראנקע. ווייבער, קינדער
ברענגט מען אום ווי שאָף און רינדער.

ביז דאָס חיות גייט אוים,
שפּילט מען זיך ווי קאַץ מיט מויז.

16

צווישן טויט און האָס־געשרייען
הערט זיך ווערטער, וואָס דערפרייען:
„אונדזער רעטונג איז נישט ווייט!
אָנזאָג פון א נייער צייט.

ס׳לאַנד פון אויסנוצערס צו רייניקן
לאָמיר אַלע זיך פאַרייניקן,
אונדזער רעטונג איז נישט ווייט...
אָנזאָג פון א נייער צייט״,

17

היטלער, זיגער איבעראַל,
גרייכט סמאָלענסק אין קוים דריי וואָכן.
וואו דער קאָרסער קאַפּאָראַל
דריי חדשים איז געקראָכן.

לענינגראד אַט, אַט! אַט, אַט!
נעמט ער איין די גרויסע שטאָט,
מ׳זעט שוין מאָסקוועס טורם־שפּיצן.
באַלד וועט דאָרט דער פירער זיצן.

פעלקיש הערשן, קיינעם גלייך.
הינטערלאַנד פון דייטשן רייך!
און מיט דוגערן. מיט בליצן
נייע אָרדענונג זיינע שיצן.

שניי און רעגן, וואָגן, שליטן
פרעסט און היצן זיך געביטן.

סטאַנעץ, זיינע פירער שלעפּן
איבער באַרג און טאָל און סטעפּן,
פלאַנצן סם באַנעצט מיט בלוט
פון דער וואָלגע ביז צום פּרוט.

לענינגראַד נאָך אַלץ „אַט, אַט!“
דער אַריינגאַנג בלייבט אַ סוד.

שטיי פאַר מאָסקווע אויג און אויער
ווי דאָס קאַלב ביים נייעם טויער!
זאָגט דער פירער: „ס׳איז אומיסטן,
ערד און מענטשן צו פאַרוויסטן.“

גייט א יאָר און נאָך א יאָר.
סטאַנען הויבט אָן ווערן קלאָר,
זיינע פירער נישט צו גלויבן
זייער באַרימען זיך און לויבן,
טראַכט זיך אַז ער האָט קיין ברירה
און ער לעבט א צייט א שווערע,

האָט קיין ברירה, איז אין קלעם,
ווערט געשלעפּט און ווערט געשטויסן,
סטאַלינגראַד טוט אים א נעם
אין דעם ווירבל־קאַמף דעם גרויסן.
קעמפט אין די פאַרשקלאַפערס רייען.
אַנשטאַט זיך און די וועלט באַפרייען.

סטאַנען שיינט א שטראַל פון גליק.
בליץ־קריג הייבט אָן גיין צוריק.

פירער מחנות באַרג־אַראָפּ,
פים אויף פּלייצעס אָן א קאָפּ.

סטאַן דערלעבט קוים די מינוט
זיין אויך יענער זייט פון פרוט.

18

חברים פון דער תפיסה אַנטלאָפן
מיט חברים זיך געטראָפן,

ווערט א פּלאַן, וואָס דאַרף געלונגען:
פאָלק — די הערשער צו באַצווינגען.

מאכן שלום מיט סאָוועטן
און דאָס לאַנד פון חורבן רעטן.

די היסטאָרישע פּארטייען
ברעכן זיך די הענט און שרייען:
„אייזנהאַוער עט קאָמפּ וואו זיינען?
זייערע פּריווילעגיעס ברענען",
שיקן אויף דער וועלט שטאַפּעטן.
קומען קודם די סאָוועטן.

מ'ליגט אין קלעם זיך נישט צום אויסדרייען
פון סאָוועטישע אַרמייען.
פאָלק מאכט שלום. קריצן ציין,
וואַדע, ברוגז, זאָגט: „אמן!"
גרויסער טאָג! און ערשטער זיג!
פריי — דאָס פאָלק, זיין וועג צום גליק.

קאָמוניסטישע פּאַרטיי
פון די לאַגערס, תפיסות פריי,
ווערט דערהערט איר קלאָרער זאָג
אינעם שיין פון העלן טאָג.

סטאן און ברודער פריינט דערקענט
און זיי געבען זיך די הענט.

מיט די וואָפן אין די הענט,
מיט סאָוועטן אין די רייען,
קענען אמתן פיינט געווענדט,
העלפן זיי די וועלט באפרייען
סטאן העלפט ענדיקן דעם קריג.
שלום — און אהיים צוריק.

19

אין דער היים סטאנס ווייב און קינד
אויסגעמארכעוועט פון נויט,
אויסגעטריקנט אויפן ווינט.
מאָנט ער ווידער ערד און ברויט.
הערט ער ווערטער אלט באקאנטע;
„ווארט אויף דער קאָנסטיטואַנטע!"

סטאן פון תמיד אָן גענארט,
הערט ווי פריצים זאָגן: — „ווארט!
אנדערש טון ווי קאָנסטיטוציע
הייסט כמעט ווי רעוואָלוציע!"

פּריצים קריצן מיט די ציין,
זען ווי סטאַן נעמט זיך אַליין.

האָפּן פּריצים, גענעראַלן,
נאָך איז נישט די זאַך פאַרפאַלן,
ווייל ראַדעסקו „ענגלישמען"[1]
קען נאָך ווייזן וואָס ער קען.

אָבער סטאַן איז נישט אַליין.
פאָלק באַפעלט ראַדעסקון גיין.

טוט ראַדעסקון דאָס פאַרדריסן
און באַפעלט אין פאָלק צו שיסן.

ס'איז א מנהג נאָך פאַרבליבן
נאָך פון ניינצנהונדערט זיבן,
אַכצן — צוואַנציק — דריי און דרייסיק
בלוט זען גיסן, ווען מ'איז בעסיק.

זיך דערוווסט מען קומט באַשטראָפן
איז באַצייטנס ער אַנטלאָפן.

פרעמדע אַמבאַסאַדע אָפן,
האָט ער דאָרטן שוץ געטראָפן.

[1] ראַדעסקו „ענגלישמען", דעמלט פרים־מיניסטער.

לײדט דאָס פֿאָלק פֿון קריגס־נאָכװײען,
דחקות קוים איבערצושטײען.

װײל נישט װאַקסן אויף די פֿעלדער,
װאַקסן נולן אויף די געלדער.

ברעכן שרײפֿלעך אין פֿאַבריקן
אַרבעטאָרער צו דערשטיקן.

װאַקסן סוחרים פֿון װאַלוטן,
מאַכן אַז דאָס פֿאָלק זאָל בלוטן.

שיקט אַמעריקע מיליאָנען,
װערט אַ שפֿע פֿון שפּיאָנען.

סודות גײען פֿון אויער צו אויער,
אַז אַ טויבער װערט געװויר,
װי אַמעריקעס מינדסטער פֿינגער
רעטעט אײראָפּע פֿון הונגער,
נישט געפּײפֿט און נישט געבלאָזן
װאַקסן בילקעס אויך אויף גראָזן.

נעמט אמעריקע געלד א גרידע
און מיר האבן שוין פאפשוי-מעל,
ווייל די קאץ נישט זאגן ווידוי
און דער הונט נישט בענטשן גומל.
נאר די מענטשן-קינדער עסן.
הונגער מאנט, באצאלט מען חובות.
צו געדענקען, נישט פארגעסן
ווי אמעריקע טוט טובות.

## 20

פאלק געפירט פון דער פארטיי,
מיט דער הילף פון די סאוועטן
איז געלונגען בלייבן פריי
און פון נויטן זיך צו רעטן.

אין די אייגענע כוחות גלויבן,
אויף די אייגענע כוחות טרויען,
נישט צו לאזן זיך בארויבן
און אליין זיין צוקונפט בויען.

אויסגעריסן ווערט א דארן,
אויף זיין פלאץ וואקסט זאפטיק קארן.
רעפובליק — שטאט דינאסטי,
ארבעט — שטאט געווינס און מי.

ס'לאנד געפירט פון פאָלק, וואָס שאפט,
פריצים־מאכט איז אָפגעשאפט.

פונעם אָנהויב ערד־רעפאָרם
ביז צום איבערשטייג פון נאָרם
מיטן פינף־יאָר־פלאַן־גאנג,
איז איין פרידנס־קאמף־געזאנג.

שטארקסטע וואָפן קעגן קריג,
אונדז צו זיכערן דעם זיג.

# וואַרשע

צום פינפטן סטודענטן און יוגנט־פעסטיוואַל

וואַרשע, יוגנט קומט צו דיר.
יוגנט קומט פון איבעראַל.
וואָסזשע גרייטסטו אָן פאַר איר
צו דעם פינפטן פעסטיוואַל?

„יוגנט, אַנדערש פאַרביק די הויט,
אָבער איין געדאַנק. זי בוי'ט
איין וואונטש, ווען זי לערנט: פאַרשטיין
אייניק. ווען זי קומט מיך זען.

כ'ווייז איר: שונאים — מיך געשענדט,
און מיין יוגנט — שיר פאַרלענדט.
מיך ביז צום יסוד פאַרברענט
זיי געהאַפט, ס'איז שוין מיין ענד.

זעט מיין יוגנט! איר קוראַזש.
מאכט מיך לעבעדיק פון אַש.
נאָך א פעסטונג אויפגעשטעלט
וועגן שלום פון דער וועלט.

קומט יוגנט באַקענען זיך. פעלקער און ראַסן,
וואָס פלעגן זיין פרעמד זיך און פלעגן זיך האַסן.
צום זעקסטן מאָל שרייען דעם קריג אין די אויערן
צו לעבן, צו "ליבן זיך זענ' מיר געבוירן.

צו טענץ און געזאַנגען, צו פרידנס־שטאַפעטן
און ניט צו באַגעגנישן מיט באַיאָנעטן.
ווי וואַנדערנדע פייגעלעך קומען צו פליען
באַשיינען דעם פרילינג פול לעבן און בליען.

# דער זיג

מערן זיך ווי שאָף, משפּחות, פֿולן אויס די ערד.
לעבט דער מענטש אויף דער ערד בשלום.
קיינער קיינעם שטערט

פֿאָרויס גייט א פֿאסטוך, פֿירט. ער היט. נאָר אָן א שטעקן.
אָן א שופֿר אָן א גלאָק, צו וועקן און צו שרעקן.

שניי־בערג געבן ברויט און ווייַן. גלייך ווי די רייכסטע פֿעלדער.
וויסטן ווערן וואסער־זאט, מיט שאָטנס גרינע וועלדער.

פֿרייט זיך מיט זיין צייט דער מענטש, מיט ווינטער און
מיט זומער.
זון־אויפֿגאנג און זון־פֿארגיין מיט ליבע נעמט ארום ער.

הימל; כמארע, סטעפּן, בערג און זון, לבֿנה, שטערן,
זע־פֿארנעם אויף בארג און ים און כוואליעס זען און הערן.

אַלע חושים פֿרייען זיך, זיין אַרבעט מאַכט ניט מיד אים,
רבים האָט ער אָן א צאָל, חברים און תּלמידים.

ער־מענטש, זי־מענטש, ביידע גלייך. אין ווערט איז
קיינער מינדער.
קוקן זיך מיט ליבע אָן און פֿרייען זיך מיט קינדער.

ווען צום לעצטן מאָל אין לעבן, א מידער כאַפּט זיך אויף.
לאָזט ער זאַט און פֿול די טעג, ביים ברעג פֿון דעם אין־סוף.

[1] אין־סוף — אומענדלעכקייט.

י. וו. געטע

# דער כשוף לערניונג

ס'איז דער אלטער כשוף מייסטער
קוים אמאָל אוועקגעגאנגען
זאָלן איצטער זיינע גייסטער
מוזן טון אויך מיינ' פארלאנגען.

זען וויאזוי ער טוט
האָב איך מיך געמיט.
מיט מיין שכלם כח
טו איך וואונדער אויך.

וואסער פלים און
מאך דיר וועג !
מיט א צוועק
זאָל דאָס פליסן !

ס'איז מיין ווילן
צו דערפולן.
ס'זאָל אהער. אהער זיך גיסן
כדי מיין ביטל אָנצופילן!

איצטער קום די אלטער בעזעם
טו דיר אָן די שמאטע לאטעם!
מ'קערט פון תמיד מיט דיר בלאָטעם
זאָל ער טון אויך, וואָס איך הייס אים.

שטיי אויף פיס! אויף צוויי!
איצוון ווער א קאָפּ!
אייל דיך שוין און גיי
מיט דעם וואסער טאָפּ!

וואסער פלים און
מאך דיר וועג!
מיט א צוועק
זאָל דאָס פליסן!

•

ס'איז מיין ווילן
צו דערפולן
ס'זאָל אהער, אהער זיך גיסן
כדי מיין ביטל אָנצופולן.

זעט: ער לויפט אראָפּ צום ברעג
בנאמנות! ערשט אוועק,
איז שוין ווידער דאָ! א ווינטל!
וויפל מיטן אויג א פינטל!

שוין דאָס צווייטע מאָל
לויפט ער ווי דער בליץ
כלים אָן א צאָל
ווערן פול, איך זיץ.

שטיי שוין! שטיי שוין!
גיי ארוים
שר פון רוחות!
דיין שליחות
איז שוין אוים.

בעזעם, גיי שוין אויף דיין אָרט!
שטיי שוין! וויי מיר! אוי דאָס וואָרט!

אוי דאָס וואָרט, וואָס מאכט צו ווערן
ווידער בעזעם מיסט צו קערן,
ס'וואָרט פארגעסן! און אצינד,
לויפט ער, טראָגט און וואסער רינט,

גאָרנישט איינצוהאַלטן!
ס'נעמט גאָרנישט קיין סוף.
הונדערט וואַסערשפּאַלטן
גרייכן מיר אַרויף!

ס'גייט נישט ווייטער!
כ'וועל דערטאַפּן
אים און כאַפּן.
אוי פאַרשטיטער!
ס'אַרא מינע, סאַרא בליק!
אוי, מיין האַרץ! מיך שרעקט צוריק.

וואָס דאָס גיהנום וואַרפט אַרויס!
ווילסט דערטרענקען ס'גאַנצע הויז?
ווי איך גיי און קוק מיך אום
טייכן וואַסער אומעטום!

א פאַרשאָלטענער בעזעם,
— ערשט געווען א שטעקן —
פאָלגט ניט. וואָס איך הייס אים!
גאָר ניט טוט אים שרעקן!

ביז צו לעצט
ווילסטו האַרט זיין?
איינגעשפּאַרט זיין?

כ׳וועל דיך פּאַקן,
כ׳וועל דיך האַלטן,
הוי, דו שטעקן, ווער צעזעצט!
מיט דער שאַרפער האַק צעשפּאַלטן!

זע, אַט קומט ער, טראָגט שוין ווידער,
לאָז איך וועל מיך אויף דיר וואַרפן.
באַלד, דו מזיק, פאַלסט אַנידער!
און סע טרעפט פּונקט מיט דער שאַרפן.

טראַף ס׳איז פיין געטראָפן.
באמת גלייך און צווייען!
איצטער קען איך האָפן
אומגעשטערט זיך פרייען.

פינצטערע וועלט!
ביידע טיילן,
צוויי צום ציילן!
גאַנצע קנעבט
גרייט צום לויפן אויפגעשטעלט!
ווער האָט זיך אויף דעם גערעכט?

הימלישע כחות, העלפט!
ס׳וואַסער שטייגט שוין אויף די טרעפּ
גאַנצע לויפן, ניט קיין העלפט.
און סע העלפט ניט קיין קלעפּ.

אײַ! אָט גײט דער מײסטער!
האַר, די נויט איז גרױס.
די גערופענע גײסטער
װער איך איצט ניט לױז.

אין אַ זײַט!
בעזעם, בעזעם!
ס'קומט דײַן צײַט.
און איר גײסטער,
זעט, אײַער מײסטער!
מאַכט ניט בײז אים
און פאַרשװינדט!
װײַל איך דאַרף אײַך ניט אַצינד.

# דער גאָט און די באַיאַדערא

מאהאדיי דער ערד־גאָט גייט.
זעקס מאָל איז ער מענטש געוואָרן.
מיטצופילן מענטשנפרייד,
אומגעדולד און לייד און צאָרן,

פילט זיך גוט שוין דאָ צו וואוינען,
לאָזט מיט זיך אלדינגס געשען.
ווייל באשטראָפן און באלוינען
דארף מען מענטשן מענטשלעך זען.

ער בלייבט ווי א וואנדערער אין שטאָט ביז פארנאכט,
דעם וואנדל פון גרויסע און קליינע באטראכט,
פארלאָזט ער זיי, טראכטנדיק, ווייטער צו גיין.

ווי ער גייט אזוי פארטראכט,
וואו די לעצטע הייזער זיינען,
זעט ער, שטייט אָ מיידל, לאכט.
גרייט מיט אים זיך צו באקענען.

גרים דיר מיידל! — דאנק דיר זייער!
ווארט, איך קום צו דיר ארוים —
זאָג, ווער ביסטו? — באיאדער׳
ס׳איז דער ליבעס פריילעך־הויז.

זי רירט זיך און שפּילט מיט די צימבלען צום טאנץ.
און חנעוודיק שוועבט זי מיט רויזן א קראנץ,
זי נויגט זיך, באוועגט זיך, דערלאנגט אים א רויז.

און זי לאדט אים איין אין צימער,
שמייכלענדיק און מיט געפיל:
שיינער גאסט! פארגעס דיין קומער!
לאָז מיין שטובל זיין דיין ציל!

•

ביסטו מיד, וואָס דיך טוט דריקן
אלע שמערצן פון דער גאס,
וועל איך לינדערן, דיך באגליקן,
רו און פרייד און ווילסט א שפּאס!

פאַרטון מיט איר לינדערן די בלומערשטע ליידן,
זעט זי דער געטלעכער, שמייכלט מיט פריידן
צום מענטשלעכן האַרץ, ביי דער זיסער מרשעת

סקלאַוון אַרבעט איז זיין ווילן,
פרייַלעך טוט זי וואָס ער וויל.
דאָס פריער אויסגעלערנטע שפּילן
ווערט איצט לעבעדיק געפיל,

פרייד — זיין ווילן טון באַשטענדיק —
פלאַנצט אַ צאַרטע בלום, וואָס בליט.
באַלד די טייערע פרוכט ווערט קענטיק,
ליבע וואַקסט אין זיין געמיט.

אָבער דער קענער פון הייכן און טיפן
זוכט פאַר איר האַרץ דאָס שאַרפסטע צום פּרוואוון:
פריידן און ליידן, וואָס לייטערט, וואָס גליט.

די געשמינקטע באַקן קושט ער
זי דערפילט וואָס ליבע מיינט.
צערטלעך אירע טרערן ווישט ער,
וואָס צום ערשטן מאָל געוויינט.

פאלט צו זיינע פיס אנידער.
ס'איז ניט גליסטונג, ניט געווין.
ס'ליגן רירעוודיקע גלידער
ווי געליימט און אָן א זין.

אין נאכט טונקעלעם איינהיל פילט גוט זיך דער זעער
דאָס שטילע געלעגער מאכט ליב אים דעם שלייער,
וואו טיף און געמיטלעך די פרייד איז דערין.

איינגעדרימלט נאָך פיל שפּאסן,
אויפגעוואכט נאָך ווייניק רו,
זעט איר טייערן גאסט א בלאסן.
שטארע גלידער טוליען צו.

ווארפט זיך מיט געשריי אנידער
אויפצווועקן אים געוואָלט
זעט, צום טראָגן, שוין טויטע גלידער
צו זיין פייער־קבר באלד.

זי הערט שוין פון פּריסטער די טרויער געזאנגען,
זי יאָגט א פארווירטע, זיך אים צו דערלאנגען,
דער עולם פרעגט: זאָג, וואָס באטייט דיין געוואלד.

ביי זיין אָרון אַ געראָדער:
איך געשריי און פינצט׳רער בליק:
מיין געליבטן וויל איך ווידער,
לאָזט מיך צו מיין מאַן צוריק,

זאָל איך זען ווי יעדעס אבר
ברענט אין מיר? די געטער־פּראַכט!
מינער איז ער אויך אין קבר,
זייט דער איינציקער זיסער נאַכט.

סע זינגען די פּריסטער: מיר טראָגן די אַלטע,
וואָס שטאַרבן צו ביסלעך און ווערן שפּעט קאַלטע.
אויך יונגע וואָס האָבן דערצו ניט געטראַכט.

הער, דיך לערנען דיינע פּריסטער.
ס׳איז קיין חוב ביי דיר פאַראַן,
באַיאַדערע. ר׳איז דיין זיסטער,
אָבער קיינמאָל ניט דיין מאַן.

האָט פאַרפעלט ער אָנצוגרייטן
זיך אַ ווייב, אין לעבן — גלייך.
זאָל זיין שאָטן נאָר באַגלייטן
אים אין שטילן טויטן רייך.

טרומייטער! באגלייט אונדזער הייליק באקלאנג!
נעמט אויף אים, איר געטער, דעם אַנהויב פון טאָגן.
זיין יוגנט, אין פלאקער, נעמט איבער צו אייך!"

ס'האָט דאָס כאָר איר הארץ צעריסן.
ביז פארצווייפלונג גרייכט איר נויט.
„מעגן פריסטער בעסער וויסן"
זי שפרינגט אין דעם הייסן טויט.

אָבער אין דעם פייער לעבן
ביידע. געטלעך הימליש פּאָר!
באַ'אדערעס געטלעך שוועבן
זעט און לויבט דער פריסטער־כאָר.

ס'פרייט זיך די גאָטהייט, ווען מענטשן באריייען
די זינד. מיט זייער ליבע דאָס לעבן באנייען
די געטלעכע אָרעמס פון דור צו דור.

# מאַכאַמעטס געזאַנג

זעט דעם פעלזנקוואַל!
קלאָר א פרייד!
ווי א שטערנבליק! —
איבער כמאַרעס
פלעגן גוטע גייסטער
אים, זיין יוגנט, שפּייזן
צווישן פעלדזן און געמויזעכץ.

יינגל־פריש,
טאַנצט ער אויס רער כמאַרע
אויף די מאַרמאָר־פעלדזן פרייליך,
באַלד איז ווידער
קעגן הימל
דורך די פעלדזן שפּאַלטן
יאָגט ער נאָך קאָלירטע שטיינדלעך-

זיין געבויערענער פירערשפּאַן
שלעפּט אויף זיינע ברודער־קוואַלן
מיט זיך מיט.

אונטען ווערן אין דעם טאָל
בלומען אונטער זיינע פיס־טריט.
גרינע פעלדער
לעבן פון זיין אָטעם.

אים פאַרהאַלט קיין טאָל מיט שאָטן
אויף ניט בלומען,
שמייכלען מיט פאַרליבטע אויגן
ווען זיי כאַפּן אים אַרום די קניען
אים טרייבט ווייטער, שלענגלענדיק זיך
צו דעם פלוין.

טייכן טיולען
זיך גוט־חבריש צו אים.
קומט אין פלוין מיט זילבער גלאַנץ
און דער פלוין גלאַנצט אויך מיט אים.
און די וואַסערן פון פלוין,
און די טייכן פון די בערג,
יעכצן פריילעך שרייען:
ברודער, געם די ברידער מיט,
מיט צום אַלטן טאַטן דיינעם.

צו דעם אייביקן אָקעאַן,
וואָס מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס
ווארט אויף אונדז ער,
נאָר זיי עפנען זיך אומזיסט
בענקענדיק אונדז פעסט ארומצונעמען
ווייל אונדז פרעסט, אין וויסטער מדבר,
גליסטיק זאמד. די זון פון אויוון
זויגט דאָס בלוט אונדז, ווייל א בערגל,
לאָזט אונדז ניט דעם טייך דערגרייכן.
ברודער. נעם די ברידער דיינע
פונעם פלוין און פון די בערג
נעם אונדז צו דיין פאָטער מיט!

„— קומט איר אלע!" —

איצטער וואקסט ער
פּרעכטיקער. א גאנצער דור
טראָגט זיין הערשער, שאפט אים רום'!
אין זיין ראשיקן טריומף
גייט ער לענדער נעמען. שטעט
וואקסן אונטער זיינע פיסטריט.

ניט צום אויפהאלטן, אלץ ווייטער
לאָזט ער פלאמענשפּיציקע טורעמס,
מארמאָר-הייזער הינטער זיך;
וואָס זיין רחבות האָט געשאפן.

צעדערנהייזער טראָגט דער אטלאס
אויף די ריזן־אקסלן. רעשיק
ווייען, פאָכן ארום אים
טויזנט פאָנען אין דער לופטן,
עדות פון זיין רום און פראכט.

און אזוי טראָגט ער די ברידער.
זיינע אוצרות, זיינע קינדער,
צום פארבענקטן טאטן זיינעם,
שטורמענדיק מיט פרייד, צום הארצן.

# פראָמעטעוס

באַדעק דעם הימל דײַנעם; צעוס!
מיט וואָלקן־נעפּל!
באַווײַז דײַן כוח — ווי ס'יונגעלע
וואָס האַקט אין בערלעך, —
אויף דעמבן, הויכע בערג, דײַן גבורה!
מוזט מיר לאָזן שטיין
מײַן ערד, מײַן שטיבל.
דאָס שטיבל מײַנס, וואָס נישט דו האָסט געבויעט.
מײַן פּריפּעטשיק,
וואָס דורך זײַן וואַרעם, ביסטו מיך מקנא.

איך קען ניט קיין אָרעמערס
אונטער דער זון, ווי אײַך געטער!
איר שפּײַזט אײַער מײַעסטעט
מיט אָפּפער שטײַערן

מיט תפלה־דעך,
אייער מאיעסטעט.
פארכליאנעט וואָלט איר
וואָלטן ניט געווען
קיין קינדער און בעטלער
האָפנונגס־רייכע שוטים.

א קינד געווען נאָך
ניט וויסנדיק וואו איין, וואו אוים,
פלעג איך ווענדן מיינע אויגן
צו דער זון. גלייך דאָרטן צילט
אן אויער צו הערן מטן געבעט,
א הארץ ווי מיינס,
זיך אָנצונעמען איינעמס קריוודע.

ווער האָט מיר געהאָלפן
קעגן חוצפה פון טיטאנען ?
מיך פונעם טויט גערעטעט ווער ?
פון שקלאפעריי ?
ניט דו אליין ? האָסט אלעם אויסגעפירט
הייליק גליענדיק הארץ ?
דערנאָך פלעגסטו, באנארט
— ווייל יונג און גוט געווען.
א הייסן רעטונגסדאנק
דעם דרימלער אויבן שיקן.

איך דיך דינען? פארוואָס?
האָסטו די טרערן געשטילט
האָסטו די שמערצן געלינדערט
ווען פון א ליידן?
ווען פון א פאַרבטיקן?
האָט ניט, פאר א מענטש, מיך געשמידט
די אלמעכטיקע צייט
און דאָס אייביקע שיקזאל
מײַנע האַרן און דײַנע?

מיינסט אפשר,
איך וועל דאָס לעבן האַסן,
אין מדבר פליען,
ווייל ניט אלע
צווײט־חלומות צייטיקן.

דאָ זיין איך, פאָרם אוים מענטשן
נאָך מיין געשטאלט.
א געשלעכט וואָס זאָל מיר גלייך זיין.
צו ליידן, צו וויינען,
צו געניסן און צו פרייען זיך.
פון דיר ניט צו טראַכטן מער,
ווי איך.

# וואנדערערס נאכטליד

וואוינסט אין הימל, זיסער פרידן!
האָב רחמנות אויף א מידן!
קום אריין צו מיר אין הארצן,
שטיל דאָרט אלע ליידן, שמארצן!
ווען זיי איינעם דאָפּעלט דריקן,
קענסטו דאָפּעלט אים דערקוויקן.
מיד שוין פון אזוי פיל יאָגן,
וואָס קען שמערץ, וואָס לוסט מיר זאָגן?
זיסער פרידן!
קום אין הארצן פון א מידן!

# א גלייכן

איבער וועלדער און בערג
איז רו.
אין דער הויך
קוים וואָס איך מערק
א שאָרך, א הויך,
די פייגעלעך שוויינן אין וואלד,
ווארט נאָר צו,
אָט אָ באלד רוסטו אויך.

## פ א ו ס ט

(פראגמענט פון 2־טן טייל, 2־טן אקט)

א זומף ציט דורך פון די געבערג
פארפעסטעט אליז וואָס מי קעמפט אוים.
דאָס פוילעניש אָפּצין איז א ווערק,

וואָס האָט קיין גלייכן דורך זיין גרוים.
דאָס לעצטע ווערק מאכט פאר מיליאָנען
א פּלאַץ צו וואוינען, פריי, באַשעפטיקט.
דורך דער נאַטור און דרויסן־שונאים
ניט זיגער, פאָרט, דורך זיי געקרעפטיקט.

די פעלדער גרין און פרוכטבאַר. רחבות ווערט
פאר מענטש און בהמה אויף דער נייעסטער ערד

באַזעצנדיק זיך אונטער שוץ פון ווענט
געבויט פון העלדיש פלייסיקע מאסן־הענט.

דאָ אינערוויייניק א גן־עדן־עק.
אינדרויסן ווילדוועו כוואליעס ביז צום ברעג.

און גנבעט זיך אריין דאָס וואסער מיט געוואלט
קומט אחדות אײלנדיק, פארמאכט דעם שפּאַלט.

איך האָב מיך דעם געדאַנק אינגאַנצן איבערגעגעבן
ער איז דער חכמהס לעצטע ענד.

ווייל פרייהייט זיך פאַרדינען, ווי אויך לעבן,
איז אינעם קאַמף פון יעדן טאָג געווענדט.

אזוי פֿארברענגט, מיטן לעבן איינגעשטעלט,
א קיילעכיק יאָר, סיי יונג, סיי אלט — א וועלט,

אזא געווימל וואָלט איך וועלן זען
אויף פֿרײַער ערד, מיט פֿרײַען פֿאָלק צו שטיין.

און אָט דעם אויגנבליק צו זאָגן:
„פֿארבלייב, דו ביסט דאָך אזוי שיין!“

דורך דעם וועט אויך די שפּור פֿון מיין דאָ טאָגן,
אין אייביקייטן, קיינמאָל אונטערגיין.

אין פֿאָרגעפֿיל פֿון אָט דעם הויכן גליק,
געניס איך איצט דעם שענסטן אויגנבליק.

# פּראָלאָג אין הימל

גאָט, די הימלישע הערשארן, מעפּיסטאָפּעלעס
די דריי מלאכים רפאל, גבריאל, מיכאל. מעפּיסטאָ־
פּעלעס אין פּאָדערגרונד.

## רפאל :

די זון קלינגט אוים אין חבר־ספערן
איר לאנג געאיבטן לויב־געזאנג.
מען גאפט איר דונערטאקט צו הערן,
צו זען איר פאָרגעשריבענעם גאנג.

מלאכים שטארקט עס ביים באטראכטן
— כאָטש מ'איז נישט משיג דעם געדאנק —
דעם סוד פון וואונדערלעך געמאכטן,
וואָס פולט דאָס הארץ מיט אייביקן דאנק.

### גבריאל:

ניט צו באגרייפן איז דאָס שנעלקייט.
דאָס דרייען זיך פון דער ערד, די פּראכט!
סע בייטן זיך גן־עדן־העלקייט
מיט שווידערלעך שטאָק־פינצט'רע נאכט
אין שנעלקייט פון גלגלים לויפן
ווערט מיטגעריסן פעלדז און ים
די כוואליעס טורמען, ס'ווערט א הויפן,
וואָס שוימט און שליידערט זיך אין תהום.

### מיכאל:

די שטורמס ברויזן מיט רציחה
דאָס שאפט א פאָרכטערלעכע קייט.
ס'ווערט ים און טרוקעניש אין גיכע
צעשטערונגס־ארבעט איינגעדרייט.
עס פלאקערט אויף פארוויסטונגס־בליצן
די שרעק קומט נאָך, דער דונער קראכט.
האר! דיינע שלוחים טוט באשיצן
דאָס שטילע וואנדלען פון דיין פּראכט.

(אלע דריי מיט די הימלעשע הערשארן א חוץ מעפיסטאָפעל)

מלאכים שטארקט עס ביים באטראכטן,
כאָטש מ'איז נישט משיג דעם געדאנק, —
דעם סוד פון וואונדערלעך געמאכטן,
וואָס פולט דאָס הארץ מיט אייביקן דאנק.

## סמאל:

(מפיסטאָפעלעס)

באַוויַיזט דיך, — שדי, — צווישן דיינע קנעכט.
אויספאָרשנדיק, וואָס אַלץ ביי אונדז געשעעט.
ווייל טוסט מיך תמיד אָנקוקן ניט שלעכט
בין איך אויך איצט דאָ. ווי זיין הערשאַפט זעט.

זיי מוחל מיר וואָס כ'רעד ניט הויכע ווערטער
און — מעג איך דעם געזינדל זיין צו שפּאָט —
פון זון, פון וועלטן און דערהויבענע ערטער
ווי פּאַר אַן ערנסטן אייפערפולן גאָט.
נאָר פון מיין מויל אַ לויב־געזאַנג קען מאַכן
אַז דו אַליין, כאָטש ניט געוואוינט, זאָלסט לאַכן.

וואָס זע איך יאָ? דעם מענטש, דיין עבנבילד.
דער קליינער גאָט, מיט חכמה, לעבט געפּלאָגט
דיין ביסל הימל־ליכט, וואָס ער פאַרמאָגט
מאַכט אים נאָך ארגער ווי די חיה — ווילד,
ער לעבט ווי די לאַנג פיסיקע היישעריקן.
מען זעט אין גראָז זיי פליען, באַלד פליענדיק שפּרינגען
און אַלץ דאָרט זייערע אַלטע לידלעך זינגען
און זוכן, מיט די נעז אין בלאָטע, גליקן.
און ווערט איז ער, אים וואָלט געקענט געלונגען
מיט בעסערס זיין נשמה צו דערקוויקן.

(דער כאָר עקסטער סמאל.)

מלאכים שטארקט עס, ביים באטראכטן
— באַטש מ׳איז נישט מסיג דעם געדאנק —
דעם סוד פון וואונדערלעך געמאכטן,
וואָס פולט דאָס הארץ מיט אייביקן דאנק.

אלעקסאנדער פושקין

# דער פישער און דאָס גאָלדענע פישעלע

א מעשהלע

ס'האָט אמאָל אַן אַלטער מיט זיין אַלטיטשקער
גאָענט ביים וויסטן ברעג פון בלויען ים געוואוינט.
דרייסיק זומערס שוין מיט דריי יאָר נאָך אריבער,
אין צעבראָכענעם ביידל, מיט דחקות שוין געוווינט.
כאַפּט דער אַלטער פיש אין נעץ פאַר זיין געזינדל
שפינט די אַלטע פעדעם פון איר זשמיק מיט שפינדל.

איינמאָל וואַרפט דער אַלטער זיין נעץ אריין אין ים.
קומט ארויס די נעץ מיט נאָרנישט, חוץ מיט שליים.
וואַרפט צום צווייטן מאָל, די נעץ האָט ים־גראָז בלויז.
צום דריטן מאָל, א פישעלע, איין איינציקס, קומט ארויס.
קיין פּראָסט פישעלע, ווי סע טרעפט זיך מערערט מאָל,
גאָלדן איז דאָס און ס'רעדט, א מענטשלעך קול.
בעט זיך: „לאָז מיך אַלטער, אין ים צוריק! כ'וויל לעבן.
חשוב אויסלייז־געלט וועל איך דיר גערן געבן.

כ׳וויל מיך אויסקויפן מיט וואָס דיין האַרץ נאָר גלוסט.
לאָז אין ים צוריק מיך, אַלטער! נישט אומזיסט!״

קוקט דער אַלטער שטאַרק דערשראָקן און פאַרוואונדערט.
דריי און דרייסיק יאָר כאַפּט פיש ער ביז אַצינדערט.
הערן רעדן פיש, נאָך קיינמאָל נישט געהערט.
דאָס אַצינד איז אים אַליין געווען באַשערט.
ער לאָזט פריי דאָס פישל מיט אַ ליבלעך וואָרט:
„גיי, וואו ס׳איז דיין חיות! לאָז דיר ווילגיין דאָרט!
אויסלייז־געלט נישט נייטיק, טראַכט נישט מער צו מיר!
ווייטע בלויע כוואַליעס וואַרטן שוין אויף דיר!״

קומט דער אַלטער צו זיין אַלטיטשקער צוריק.
ער דערציילט דאָס גרויסע וואונדער איר, זיין גליק:
„הער, איך כאַפּ מיר היינט אַ פישעלע, אַ קליינס.
נישט קיין פשוט פישעלע, אַ גאָלדנס, קיין געמיינס!
אונדזער לשון האָט דאָס פישעלע גערעדט.
— לאָז אין ים צוריק מיך!״ הער איך, ווי עס בעט.
וויל זיך אויסקויפן מיט וואָס מיין האַרץ נאָר גלוסט.
כ׳האָב דאָס פריי געלאָזט, דאָס פישעלע, אומזיסט.
מיר געווען אַ בושה נעמען אויסלייז־געלט
לאָז דאָס פריי זיך שווימען אין זיין בלויער וועלט!״

ווערט די אַלטע בייז, צעשרייט זיך אויף דעם אַלטן:
„פון אַזאַ מין גולם איז נישט אויסצוהאַלטן.

צו פארחמט צו נעמען עפעם אויסלייז-געלד !
עפעס כאטש, ביים פישעלע צו נעמען, וואס אונדז פעלט
כאטש א וואשמילטער, דאס וואסער זאל זיך האלטן,
אונדז'רע איז צעבראכן, דורך און דורך געשפאלטן.

גייט דער אלטער גיך צום בלויען ים אוועק.
זעט, די ים־פלאך רירט זיך קוים, ער רופט ביים ברעג ;
„וואונדער פישעלע, מיין גאלדנס, קום אהער !"
ס'קומט צו שווימען, פרעגט : „זאג אלטער דיין באגער !"
און דער אלטער ביקט זיך ביז צו דר'ערד און זאגט :
„כ'האב זיך אויף מיין מזל קיינמאל נישט באקלאגט.
ליב און גנעדיק פישעלע מיינס ! זיי נישט בייז !
וועסט מיר מוחל זיין, זאלסט וויסן, וואס איך ווייס.
אין דער היים, מיין אלטער, געפעלט נישט, וואס איך טו,
מאכט מיך מיט דער בלאטע, לאזט מיך נישט צורו.
ז'וויל א וואשמילטער, דאס וואסער זאל זיך האלטן.
אונדז'רע איז צעבראכן, דורך און דורך געשפאלטן".

ענטפערט אים דאס גאלדן פישעלע דערויף :
„זארג נישט ! האב בטחון ! גיי אהיים און האף !
ווייל איר וועט די מילטער אויף געווים באקומען.
אט די נייע מילטער, זאל אייך וואויל באקומען".

קומט דער אלטער צו זיין אלטיטשקער צוריק.
וויל דערציילן, וואס ער האט געפועלט, זיין גליק.

זע, די אלטע האָט די נייע מילטער שוין
קללות קאַרגט זי נישט דעם אלטן פּאר באַלוין:
„הוי, די נאַרישער גולם! וואָס ביסטו געלאָפן?
גרוים נגידותשאַפט, א גליק האָט דיך געטראָפן!
האָט זיך אַזא נישטיקע מילטער אויסגעבעטן,
וועגן וועש צו וואַשן, וועגן טייג צו קנעטן!
גיי, דו נאַרישער קלאָץ צום פישעלע צוריק.
פּועל ביים פישעלע, וואָס האָט ווערט אמתדיק.
בעט ביים גאָלדן פישעלע א שטוב דיר אויס,
ביק דיך, ווי דער שטייגער איז און פּועל א הויז!"

גייט דער אלטער באַלד צום בלויען ים אוועק.
מוטנע איז דער ים־פלאַך איצט. ער רופט ביים ברעג:
„וואונדער פישעלע, מיין גאָלדנס, קום אהער!"
ס'קומט צו שווימען, פרעגט: „זאָג, אלטער, דיין באַגער!"
און דער אלטער בוקט זיך ביז צו דר'ערד און זאָגט:
„כ'האָב זיך אויף מיין מזל קיינמאָל נישט באַקלאָגט.
ליב און גנעדיק פישעלע מיינס, זיי נישט בייז!
וועסט מיר מוחל זיין, זאָלסט ווּסן וואָס איך ווייס!
אינדערהיים מיין אַלטער געפעלט נישט, וואָס איך טו.
מאַכט מיך מיט דער בלאָטע, לאָזט מיך ניט צורו.
שעלט און שרייט נאָך ארגער, כ'האלט פון איר נישט אויס.
האָט זי שוין א מילטער, וויל זי איצט א הויז".
ענטפערט אים דאָס גאָלדן פישעלע דערויף:
„זאָרג נישט! האָב בטחון! גיי אהיים און האָף!
וואָס זי ווינטשט וועט זיין. איר וועט דאָס הויז באַקומען.
דאָס געווינטשטע הויז! עס זאָל אייך וואויל באַקומען!"

פּערט זיך אום דער אַלטער צום ביידל אַן אַ דאַך.
קוקט זיך גוט ארום, ער זעט דערפון קיין סלעך.
שטאט א ביידל זעט ער א באַלעבאַטיש הויז,
וואָס פארנעמט די אויגן, אזוי שיין און גרויס!
ס'שיינט א ווייסער קוימען פון געברענטע ציגל.
אייכנהאָלץ און אייזן זיינען טויער און ריגל.
ביי דעם פענצטער זיצט די אלטע און זי שרייט:
„נארישער גולם! שכל האָט דיר נישט געסטייעט,
מיט דעם הויז, פאר מיר, נאָך עפּעס אויסצובעטן?
כ'וויל נישט מער פארשווארצט זיין, וואשן דיר און קנעטן.
קער דיך אום און בוק דיך! זאָל דאָס פישל הערן!
כ'וויל א נאָבלע דאמע, א מיוחסת ווערן.

גייט דער אַלטער באַלד צום בלויען ים אוועק.
רעשן ווילד די כוואַליעס און ער רופט ביים ברעג;
„וואונדער־פישעלע, מיין גאָלדנס! קום אהער!"
ס'קומט צו שווימען. פרעגט: „זאָג אַלטער, דיין באַגער!"
און דער אַלטער בוקט זיך ביז צו דר'ערד און זאָגט:
„כ'האָב זיך אויף מיין מזל קיינמאָל נישט באַקלאָגט.
ליב און גנעדיק פישעלע מיינס, זיי נישט בייז!
ועסט מיר מוחל זיין, זאָלסט ווייסן, וואָס איך ווייס.
ארגער נאָך ווי פריער שעלט זי מיך. זאָלסט הערן!
ז'וויל א נאָבלע דאמע, א מיוחסת ווערן!"
ענטפערט אים דאָס גאָלדן פישעלע דערויף:
זאָרג נישט, האָב בטחון! גיי אהיים און האָף!
שפּאַנט דער אַלטער צו זיין אַלטיטשקער צוריק.
האָפּט אַז רו וועט ברענגען איר דאָס נייע גליק.

וואָס דערזעט ער דאָרט? א פּאַלאַץ אויפגעשטעלט.
אויבן ביי די טרעפּ, זיין אַלטע שרייט און שעלט.
טראָגט א טייער ברוסטל, בלויז פון סאַמע סויבל.
ס'נעמט ארום איר קאָפּ א טייער סאַמעט הויבל.
שנירלעך פּערל פּיין ארום איר האַלדז גערייעט,
אירע פיס מיט רויטע שטיוועלעך באַנײַט.
רינגלעך אויף די פינגער. די בריליאַנטן פינקלען,
דינערשאַפט צו דינען, גרייט אין אַלע ווינקלען.
זי אָבער, זי שלאָגט זיי, רייסט זיי ביי די צעפּ.
זאָגט צו איר דער אַלטער, קוקט ארויף די טרעפּ:
„זיי געגריסט מיר, הויך געבוירענע דאַמע, דו!
כ'האָף אַז דיין נשמה האָט שוין איצטער רו."
ס'האָט פון איר דער אַלטער אָפּגעשניטן שלעכט.
ז'שיקט אים אָפּ אין שטאַל. ער אַרבעט ווי א קנעכט.

גייט אוועק א וואָך און נאָך א וואָך פאַרגייט.
אַרגער שרייט די אַלטע. גאָרנישט מאַכט איר פרייד.
ביז זי שיקט דעם אַלטן צום פישעלע צוריק:
„גיי צוריק צום פישל, בוק דיך, ברענג מיר גליק!
כ'וויל נישט זיין מער דאַמע, כ'וויל א צאַרין ווערן.
אין מיין קייזער־רייך זאָל יעדער מיך נאָר הערן!"
זיפצט דער אַלטער שטאַרק: „אַזוי זיך צו פאַרגעסן!
אַלטע! האָסט אָן ספק משוגע־קרויט געגעסן.
קענסט נישט ריידן ליטיש, ווי א מענטש זיך רירן.
הוזק ווערט דאָס לאַנד, וואָס דו אַליין ווילסט פירן"
ווערט די אַלטע בייז. דערלאַנגט איר מאַן אין באַק:
„דו געמיינער פּויער! שווייג, דו גראָבער זאַק!

נעמסט דיך מיט מיר. פרוי פון ריינעם יחוס שפּאַרן?
הויכע לאַנד־פּאָליטיק הויבט שוין אָן דיך האַרן?
נישט געזאָמט צום ים גיי! כ'זאָג דאָס דיר מיט גוטן.
באַלד וועט זיין מיט בייזן, כ'צייל שוין די מינוטן.

לויפט דער אַלטער גיך צום בלויען ים אַוועק.
שוואַרץ זעט אויס דער ים. דער אַלטער רופט ביים ברעג:
„וואונדער־פישעלע, מיין גאָלדנס, קום אַהער!"
ס'קומט צו שווימען, פרעגט: „זאָג אַלטער, דיין באַגער!"
און דער אַלטער בוקט זיך ביז צו דר'ערד און זאָגט:
„כ'האָב זיך אויף מיין מזל קיינמאָל נישט באַקלאָגט.
ליב און גנעדיק, פישעלע מיינס, זיי נישט בייז.
וועסט מיר מוחל זיין. זאָלסט וויסן. וואָס איך ווייס!
אין דער היים מיין אַלטע, שרייט, שעלט און שלאָגט.
איצט אין איר שגעון, הער נאָר, וואָס זי זאָגט:
„כ'וויל נישט זיין מער דאַמע, כ'וויל אַ צאַרין ווערן.
און מיין קייזער־רייך זאָל יעדער מיך נאָר הערן!"
ענטפערט אים דאָס גאָלדן פישעלע דערויף:
„זאָרג נישט, האָב בטחון! גיי אַהיים און האָף!
גוט, דיין אַלטע וועט באַלד אויך אַ צאַרין ווערן.
און איר קייזער־רייך וועט יעדער זי נאָר הערן".

קומט דער אַלטער צו זיין אַלטיטשקער צוריק.
זע נאָר! פאַר אים שטייט אַ פּאַלאַץ, אַן אַנטיק.
אין אַ זאַל דערזעט ער ווי זיין אַלטע זיצט,
ווי אַ גרויסע צאַרין, אויף איר שטול געשטיצט.

מלכותדיק פון פריצים לאָזט זי זיך באַדינען.
ווי פון אבות־אבותינו, א גענבוירענע דערינגען.
עסט מלכים־שפּייז און טרינקט די פיינסטע ווײַנען.
עס־געשיר, ריין גאָלד. די טרינק קרעדענצן שײַנען.
ביי די ווענט ארום — פיל וועכטער. ווייסע העק
בליטשטשען אויף די אַקסלען, וואַרפן אָן א שרעק.
אויך דער אלטער א דערשראָקענער פאלט אנידער
צו דער אלטערס פיס. ער זאָגט איר: „גאָט איז מיט דיר!
שרעקלעך גרויסע צאָרין! גרויס און שרעקלעך דו!
איצט האָט זיכער שוין זשע דיין נשמה רו.“
אָן א בליק צו אים און אָן א וואָרט צו זאָגן,
טוט זי גאָר א ווינק, אים גיך ארויס צו יאָגן.
באלד קומען צו שפּרינגען פריצים. גרויס־באָיארן,
אויך די וואך, צו הויפנס, לאָזט אויף זיך נישט הארן.
רויק זעט די אלטע דעם אלטן, ווי מען פּאקט אים
קוים א לעבעדיקן. שיר האָט מען צעהאקט אים.
און צום איבעריקן מאכט חוזק נאָך דער עולם:
„ס'קומט דיר פויער אזא פּסק, דו אלטער גולם!
זאָל פון איצט און ווייטער זיין דיר פאר א לער,
ס'האָט נישט וואָס א פויער, ביים הויף צו זוכן מער!“

גייט אוועק א וואָך און נאָך א וואָך פארגייט.
ארגער טופּעט זי און גאָרנישט מאכט איר פרייד.
ביז זי שיקט די הויפלייט צו איר מאן, אים זאָגן,
„קומט ער נישט מיט גוטן, ברענגט מען אים צוטראָגן“.
ז'האָבן אים געפונען, קומען אויך נישט אָן אים,
ז'האָבן אים געבראכט, ער שטייט שוין פאר איר פּנים.

זאָגט די אַלטע צו דעם אַלטן: „גיי צוריק!
בוק דיך פאַר דעם פישעלע, זאָג בעטנדיק:
כ'וויל נישט זיין מער צארין, מעג זיין גרוים דאָס לאַנד
הערשן איבער ימים זאָל מיין שטארקע האַנט!
וואוינען זאָל איך אין דעם גרויסן אָקעאַן
און דאָס גאָלדן פישעלע זאָל מיין דינער זיין".
שווייגט דער אַלטער שטיל. ער רעדט איר נישט אקעגן
און ער גייט צום בלויען ים פון אירעטוועגן.

ווי ער קומט צום ים, פאַרכאַפּט אים אַזש דאָס האַרץ.
פינצטער איז דער הימל און דער ים איז שוואַרץ.
וואַרפן זיך די כוואַליעס מיט אַ שוים אַ ווייסן,
ווי די ווילדע חיות, נאָר זיך צו צערייסן.
הויבן זיך די הויפנס, וואַקסן טורעמס. בערג.
קוקט דער אַלטער. פרעגט: „צו ווּעמען געהער דאָס ווערק?"
„וואונדער־פישעלע! מיין גאָלדנס, קום אהער!"
ס'קומט צו שווימען. פרעגט: „זאָג, אַלטער, דיין באַגער!
און דער אַלטער בוקט זיך ביז צו דר'ערד און זאָגט:
„אינדערהיים מיין אַלטע שעלט און שרייט און שלאָגט.
איך שגעון צו זאָגן, מוז איך, כאָטש אַ שאַנד.
ז'וויל נישט זיין מער צארין, מעג זיין גרוים דאָס לאַנד.
הערשן איבער ימים זאָל איר שטאַרקע האַנט.
וואוינען וויל זי אין דעם גרויסן אָקעאַן
און דו גאָלדן פישעלע, דו זאָלסט איר דינער זיין".
שווייגט דאָס גאָלדן פישעלע און זאָגט קיין וואָרט
פּליסקעט מיטן עק אַרום אין וואַסער, דאָרט.

טינקט זיך אונטער אין דער ים־טיף און פארשוואונדרט.
און דער אלטער ווארט אויף ענטפער שוין פון זינט!
ווארט שוין לאנג, אומזיסט, אויף ענטפער און א מידער
קערט ער אום זיך צו זיין ווייב, זיין אלטער ווידער.
זעט ער זיין צעבראָכן בײדל. — אויף דער שוועל
זיצט די אלטע, און די וואש־מילטער — א תל.

מ. עמינעסקו

# דאָס לעבן

ווען איך הער צומאָל א בייכיקן כלי־קודש
אויגן־פרום, דאָס פּנים־פריש, א פּרנס־חודש
זאָגנדיק: „דאָס לעבן — הכל הבל! פּוסט!
ביטערע חרטה — נאָך א רגע לוסט"
פרעג איך מיך: „אט דער וויל לערנען אונדז, צו וויסן
וואָס דאָס לעבן איז, וויאזוי דאָס צו געניסן?"

פונקלט שטיל די נאכט מיט אירע אָן צאָל שטערן,
שפּרייט אוים שוואכע שטראלן איבער מיינע שפּאַן
שמאָל און ענג דאָס געסל, שטאָק אלט, פּוסטע מויערן,
רייד, געוויין, געלעכטער ביז צו מיר דערגאַן.
בלאָנדזשענדיקע קולות קלינגען אין די אויערן
דורך צעבראָכ׳נע שויבן און פארמאכטע טויערן.

אין א קליינעם אלקיר, ביי א לעמפל־שיין
זיצט א מיידל, קרענקלעך, אָפּגעצערט און בלאס,
פּאָדעם אין א נאָדל ציליעט זי אריין.
אירע אויגן מוטנע, אירע וויעם נאס,
אירע פינגער לויפן מיט דער נאָדל גיך,
נייט זיך אוים די אויגן אויף א שטיקל טוך.

הויט און ביין דער גוף, אָן פלייש אויף זיך, קיין לויט.
וויאָלעט די פארב, איז אָן א טראָפּן רויט.
פון צעשטאָכ'נע פינגער רינט קיין בלוט ניט מער.
די פארצרהטע אויגן לינדערט נישט קיין טרער.
בלאָנדזשעט אום א שמייכל פון אמאָל'קן חן.
ווער וויל פון אים וויסן? ווער וויל קומען זען?

איבעריק איר געבוירן אויף דער גרויסער וועלט,
ווי א בלאט געשליידערט אין א ים וואָס שוימט,
שוואך און עלנד, פרעגט ניט קיינער, וואָס איר פעלט.
נאָר די ארבעט אירע דארף ניט זיין פארזוימט.

קרענק און טרערן־לוין, א טריקן שטיקל ברויט,
הערט די ארבעט אויף, הויבט אָן די הונגער־נויט.

לייגט דער סוחר פאָר זיין סחורה עלעגאנט,
אז די פריצע זאָל דעם הויכן פרייז פארשטיין
אויף זיין פעטן פינגער בלישטשעט א בריליאנט
פון די ווייסע נעכט, וואָס אנד'רע טוך אים נייען.

טוך, געניט אין טרערן פון א שוואכער האנט.
טראָגט זיין גאנצן ווערט דעם סוחר דעם גאַלאנט.

ווען דאָס מיידל אנדערש זאָל פארשטיין דאָס לעבן
וואָלט דאָס לעבן איר נאָך צופיל גאָלד געגעבן,
אָבער נאָך אלס קליינע האָט זי אויסגעלערנט
ניט צו טון קיין זאך, וואָס גאָט און לייט דערצערנט.

פרעגט ניט, וואו איז יושר, האָט צו גאָט קיין טענות,
פרומע לייט דאָך זאָגן „טענות איז א זינד".
עלנט ווי א שטיין, דערפרייט זיך, ווייל אריין איז,
— ס'האָט פארבלאָנדזשעט — אירם א חברטע, א קינד.
דורכן אָפענעם פענצטער איז אריין א בין,
הארץ־פריינט. איינע — גייט און איינע קאָן אויך פליען.

ביידע פילן זיך, ווי פראָלעטארן נאָענט.
נאָר זיי ווייסן ניט פון רעכט; וויאזוי מען מאָנט.
איינע האָט נאָך וואָפן, טוט צומאָל א שטאָך.
נאָר די אנדערע טראָגט הכנעהדיק דעם יאָך.
האָבן זיי זיך ליב. מען טוט זיך נאָר באדויערן,
אָבער אזא לעבן קאָן ניט לאנג געדויערן.

אין א שיינעם טאָג, ווען פרילינג שפּארט אין פענצטער,
אלעס אָטעמט פריי, א פרילינגס־טאָג, דער שענסטער.
שטארבט דאָס מיידל, האָט אויך פריער ניט געלעבט.

אויף איר שטערן־קראַנץ די בין איר צונעקלעפּט.
ביידע פּילן שוין ניט מער די לופט פון דרויסן.
וואָס דאָס לעבן איז און וואָס מען דאַרף זיין אויסן.

ווען איך הער צומאָל אַ בייכיקן כלי־קודש,
מיט פּאַרפּרומטע אויגן, דאָס פּנים שיין, רויט, פריש, —
זאָגט: „דאָס לעבן איז הבל הבלים, פּוסט!
אייביקע חרטה, קומט נאָך רגעם לוסט“.
פרעג איך מיך: „אָט דער וויל לערנען אונדז צו וויסן,
וואָס דאָס לעבן איז, וויאַזוי דאָס צו געניסן?“

ג. קאָזשבוק

# מיר ווילן ערד

אָן שוץ פאר הונגער, נעץ און ווינט
מיין פלייצע טראָגט דיין שווערע לאסט
אין פנים שפייסטו מיר, פארהאסט,
דו שלאָגסט מיך ווי דיין הונט.
טשאָקאָי[1], דער רוח האָט דיך געבראכט.
דו האָסט מיט אים א בונד געמאכט,
מיר זאָלן דיינע הינט זיין, שלאָג!
מיר טראָגן איבער נויט און פלאָג
דעם יאָך פון אָקס, דעם כאָמעט פון פערד
נאָר גיב אונדז ערד!

דו שלעפסט ביי אונדז פון מויל ארויס
א נעבטיק טריקן שטיק מאלאי.[2]

[1] טשאָקאָי, פויערים־שינדער. [2] מאמעליגע

נעמסט זין און טעכטער, הפקר, פריי
אין קריג צי אין דיין הויז.
וואָס אונדז איז הייליק, ליב, פארשוועך!
רחמנות, גאָט אין הארץ, קיין סלעך.
פארשמאכט, שטארבן קליינ׳ אויסגייענדיק
מיר עקן זיך דאָס זעענדיק.
דאָס אויסצוהאלטן גרינגער ווערט,
זאָל זיין נאָר ערד!

אין דאָרף א צווינטער האָבן מיר.
מיר אָקסן איינגעשפאנט אין יאָך.
אייער אקער־אייזן שלעפּט א פיר
פון דאָרטן ביינער בראָך,
ס׳איז ביין פון אונדזער ביין! א זינד!
וואָס הארט דאָס אייך? אין פראָסט, אין ווינט,
איר שלעפּט אונדז נאקעט פון די שטיבער
און אונדז׳רע טויטע פון די גריבער,
פאר אונדז׳רע טויטע, צדקה! הערט!
מיר ווילן ערד!

מיר אויך, מיר וואָלטן וועלן ווימן
אז אונדז׳רע ביינער רו געניסן
און ניט זיין אייעריקע צום שפּאָט,
ווען אונדז צו זיך רופט גאָט.
און ווען איך געוועזן בין ליב,
אויב וויל ער ווינען ביי מיין גרוב,

זאָל וויסן ער ביי וועלכן שטיין
ס'רוט דאָרט אונטן מײַן געביין
מיר זיינען מענטשן. אויך דערוועקט
צו האָבן ערד.

נישטאָ קיין צייט פאַר אונדז צו בעטן.
ס'איז אונדזער צייט אין אייערע הענט.
אויך אונדזער זעל צו גאָט געווענדט
כמעט ווילט איר צעטרעטן.
גלייך ווי א נדר ביי אייך ווערט,
אָן רעכט, און אונדזער וואָרט אָן ווערט —
איר שלאָגט און פּלאָגט, קוים מאָנען מיר,
און קייטן — פאַרן מינדסטן ריר,
און בליי — פאַר שרייען, ווען איר הערט:
מיר ווילן ערד!

וואָס האָט איר אייערס דאָ באַגראָבן?
איר — ווייץ! און מיר דאָ? טאַטעס, זיידעס,
מיר — מאַמעס, שוועסטער, ברידער האָבן.
דאָס זיינען אונדזערע עדות,
אַז אונדזער ערד אונדז טייער, הייליק,
איר אָנגעלאָפּענע באַגערט.
די ערד זי אונדז וויג און קבר,
באַשיצט מיט בלוט פון יעדן אבר.
די טייכן־טרערן אונדזער חלק!
מיר ווילן ערד!

נישטאָ קיין כח מער אויסצושטיין
צו לעבן ווייטער ווי געווען
צו לעבן בעטלענדיק אזוי,
ווי ס'וויל נאָך דער טשאַקאַי.
זאָל גאָט דערהיטן, ווען באשערט,
ווען הונגער, דורך אייער פּיאווקיש נאָגן,
זאָל טרייבן, — ניט מער צום דערטראָגן, —
מיר זאָלן וועלן בלוט שטאט ערד.
אייך שיצט נישט גאָטס פארבאָרגעניש,
אפילו'ן קבר נישט.

שאנדאָר פּעטעפי

## צו דער פרייהייט

הויב אויף דיין קול!

גענוג שוין פויל געוועזן! ס'איז צייט,
מיר זאָלן שוין סאָלדאַטן ווערן.
דאָס פייפל לייגן אין א זייט
און דעם טראָמפּייט צו לאָזן הערן!

די פּעטש און דריגעס, — פּאָטערלאַנד! —
דערטראָגן וועסטו לאַנג נאָך קענען?
דיין פּנים ברענט קיינמאָל פון שאַנד?
קען נאָר א דונער דיך פאַרברענען?

מיין פאָלק! זאָל אייביק דאָס געמיינע
אין צוים דיך האַלטן אָן אַן ענד?
פון האַרטע מוחות, הערצער קליינע
מיט רייד פול גיפט צו דיר געווענדט?

צי אפשר האָבן יענע רעכט:
„דער אונגאר האָט זיך שוין געוואוינט.
שטאט קעמפן, בעסער זיין א קנעכט,
פאר מורא טון, וואָס יענעם לוינט."

ס'איז אָבער ליגן וואָס עס זאָגט,
אויף אונדזער שטאם, די פאַלשע צונג!
דער ברען, וואָס אונדזער פאָלק פארמאָגט,
איז שטיל, נאָר האָט ווי וויין, זיין פונק.

זאָל זיך נאָר הערן קאמף־סיגנאלן
מיר וועלן ווייזן אונדזער מוט.
ניט קארגן בלוט צו שונאימס פאלן
איין שונא פאר א טראָפּן בלוט.

מיין פאָטערלאנד! אויב אויף דיין קול
דיין וואָרט וואָס לויכט אונדז און באגליקט
וואָס דורות האָט דער דייטשער עול
געוואָלט דערשטיקן, שיר דערשטיקט.

גלייך ווי די זון פון צווישן כמארעס
זאָל אויך דיין שווערד ארויס פון שייד.
און בלינד מאכן דעם שונא זארעס
ווי נאָר זיין בליק דעם בלישטש דערזעט.

גענוג שוין פויל געוועןǃ ס'איז צייט
מיר זאָלן שוין סאָלדאטן ווערן
דאָס פּייפל לייגן אין א זייט
און דעם טראָמפּייט צו לאָזן הערןǃ

1

מיין ליד איז במארנע, ווייל דער וואָלקן לייד
האָט מיר פארשטעלט דעם שיין פון פריילעכקייט.
מיין לעבן איז דער שפּיגל פון מיין ליד,
דער שפּיגל פון דער וועלט איז מיין געמיט.

די וועלט, דער מענטש און איך. ס'איז מיין געזאַנג.
איך לעב, איך לייד, איך פיל, איך זינג, איך הער
אן אנדערער הערט, פארשטייט נאָר דעם געדאנק
צו פילן יענעמס לעבן איז צו שווער.

גבירול זינגט. ס'איז נישט קיין ריינער קלאנג.
צום אידעאַל־קלאנג פעלט אים נאָך א סך.
צו דינען גאָט איז ער נאָך פיל צו שוואך
צו לויבן אים? נאָך פיל צו לאנג.

דערפאר גבירול. זינג פאר דיר אליין!
גיב פליגל צו דער לאסט, וואָס דריקט דיך שטארק!
און קומער דיך נישט, צי איז מילד, צי קארג,
די צאָל, וואָס וועט דיין זינגען רעכט פארשטיין.

2

איך בין קיין קינד ניט מער, איך בין שוין אלט.
איך בין שוין אלט געוואָרן זעכצן יאָר.
איך האָב די וועלט געזען. איך קען זי קלאָר.
איך — איר בין ווילד און פרעמד. זי — מיר איז קאלט.

זי האָט אויף מיר געקוקט און איך האָב זי געזען
צו לאכן האָט זיך מיר שוין קיינמאָל ניט פארוואָלט,
נאָר זע איך אנדערע לאכן ווער איך ערשט געוואָר,
אז איך בין דאָך א קינד, איך וויין.

3

ווען אנד'רע לאכן ווייגט מיין הארץ.
וואָס גארט'ס?
ס'איז זינד,
ביי זעכצן יאָר און נאָך א קינד!

4

איך האָב געחלומט מיין מאמען,
זי האלט מיך אויפן שויס.
איך האָב געחלומט מיין טאטן
ער האלט מיך אויף א קני.
איך האָב פארפריט מיטן אויפשטיין.
די וועלט איז שרעקלעך גרויס
אליין. אָן טאטע. אָן מאמע,
וואו קיינער טוליעט צו.

5

מיין גייסט וויל א פריינט געפונען
די וואָלקן זיי טראָגן אים
און בוכן טרערן רינען
די וואָלקן באקלאָגן אים;

אינדרויסן שטייט דער גוף
און קוקט צום רעגנס פאלן
ער פילט דעם רעגן
ער זעט דעם בליץ,
אים שרעקט דעם דוגערס ראָלן.

און ער קוקט ארויף צו דער כמארע,
צי ווערט ניט ליכטיק נאָך היינט
צי וועט דער גייסט אים ניט ברענגען
פון דאָרטן א ברודער א פריינט.

6

פון שמערצן נעבויגן
דער גוף איז דאָ
דער גייסט שוועבט פריי
אין הימל־בלאָ.

עס הערט זיך אין בלויעם
מלאָכים־גאנג
ער פליט אהינצו
ער הערט געזאנג.

זיי זינגען שירה
סע ווערט אים גוט
ער האלט א לירע
און העלפט מיט מוט

דאָס אלטע זינגען
ווערט פריש אין ניי
די ווערטער קלינגען
מיט זין דערביי.

. . . . . . . . . .

7

פון זייער געזאנג איז געוואָרן
טוי־בריליאנטן א סך
פון מיר אין א רויז געוואָרן
א רויז דער ליליע גלייך.

אזוי האָט מיין גייסט געשוועבט
א רגע איז הימל־בלוי
אזוי ווי די ליליע לעבט,
די ליליע אין טוי.

1908

מאריא באנוש

# אין א דערפל פון בעראגאן

אין מיטן זומער. צייטיק שוין די בייטן,
פון דארטן זומזעט איצט די דרעש־מאשין.
ביי אונדז אין זאל איז נאכט אריינגעטרעטן
און קיינער פילט ניט, ווען דער טאג קומט הין.

אהער דעם לאמפ! מען בלייבט שטיין מיט דעם לייענען.
פארגייט א רגע ס'לאזט א גריל זיך הערן.
מ'הויבט אן זיך מיט דעם זומזען צו געוויינען.
נעדאנקען פליען און מען הויבט אן קלערן:

א ניי געזעץ האט זיך דאס פאלק געמאכט,
וואס פאסט זיך צו זיין איצט'קער לעבנסארט
ווים'מארמאר־בילד, פון מייסטער אויסגעטראכט.
גיט איבער, וואס דער קינסטלער האט געגארט.

מיר לייענען און בראָטן זיך געגנוי:
די נייע לער פון אונדז געמאכט איז איצט.
די ווערטער, ווי אין מאַרמאָר אויסגעקריצט
זייער שיינער גלאַנץ, ווי בלומען אונטער טוי.

דער לאָמפּ ברענט שוואַך. מיר ציען אויף דעם קנויט.
מיט שאָטנס פול דער זאַל פון אַלע זייטן.
אויף מאַמעס שויס א קינד שלאָפט,פריי פון נויט,
ווען שאָטנס קומען פון פאַרגאַנגענע צייטן.

אין ספר שטייט מיט אותיות פון פייער:
„די ערד קער דעם, וואָס האָרעוועט אויף איר!"
א ווינט זעצט דורך פון האָריאַס צייט — א פרייער.
א פלאַקער קומט פון פינצטערניש אַפיר.

דער פלאַם פון די מרידות אונטערדריקטע,
פון אונדזערע אבות אונטער דר'ערד געטראָגן.
דער פלאַם פון יענע הערצער אומבאַזיגטע,
וואָס ווערן אין געפאַרן ניט דערשלאָגן.

געוועןן א טייך פון בלוט געמישט מיט גאַל,
וואו דורות פלעגן דאָס פאָלק זיך דאָרטן טרענקען
קיין מאָס צו זיין פאַרגעם, פון איבעראַל,
א לאַנגער דערנער־וועג וואָס זיי געדענקען.

כדי דעם דאַרשט דעם שווערן, זיך צו שטילן,
דער טרוים פון דורות זאָל באַקומען לעבן,
דאָס וואָרט אין שטיין געקריצט זאָל מען דערפילן,
אַז דעם, וואָס אַרבעט, איז די ערד געגעבן.

האָט זיך די רויטע פאָן געדראַפּט צעשפּרייטן.
אַרומנעמען דעם מזרח־האָריזאָנט.
סאָוועטיש פאָלק זאָל ווערן און זיך גרייטן
און זיגן אין זיין קאַמף אויף יעדן פראָנט.

געדראַפּט האָט אַז זיין ברענענדיקע זון
זאָל שטראַלן אין אַ פינצטערניש אַ קאַלטן,
אַ קעמפּענדיקער קלאַס זאָל בלי'ן דערפון
אין פריצישן רומעניע דעם אַלטן.

געדראַפּט האָט אַז די ברידער אין פאַבריקן
זאָלן בלוטן אין די קעלערס, אין טראַנשייען
כדי מיט טונקל ברויט זיך היינט צו קוויקן
מיט וואַקסיק ברויט ביים פּריספּע־טיש זיך פרייען.

אין לאַגערס, תפיסות, קאָמוניסטן פלעגן
באַשטענדיק זען דעם טויט פאַר זייערע אויגן
אַז הענט, געוואַוינט צו האַמערן און זעגן
זאָלן מישן בלעטלעך איבערן בוך געבויגן.

צו לערנען פון דעם גרויסן ליכט געניסן,
וואָס מארקס און לענינס ביכער אין זיך האָבן;
א וועג זיך שניידן צו א וועלט פון וויסן
און צייטן אלטע, טרויערדיקע באַגראָבן.

געדארפט האָט פריסעק, מיט רעוואָלטע פול,
זאָל זיך פארוואנדלען העל אין חכמה ליכט,
אז איצט בייגאכט, פארזאמלט דאָ אין שול
מיר לייענען דאָס געזעץ פון אונדזער רעכט.

אז דער, וואָס האָט געדינט דאָס גאנצע לעבן,
און האָט נאָך צייכנס פונעם פריץ'ס שטעקן,
זאָל ביי פארזאמלונגען זיין קול אויפהייבן,
דעם אלטן קלאסן־שונא אויפצודעקן.

אין באראגאן, אמאָל היידוקן־זיץ,
אנטלאָפענע קנעכט, באוואָפנטע געווען.
וואו קינדער שמאכטן נעבן אלדאָס גוטס,
זאָל אזא איבערקערעניש געשען.

אז אויף דעם פעלד מיט ברייטע, פרייע בייטן,
זאָל זיך די ערד פון קאָלעקטיוו פארשפרייטן.
און אָטעמען פריי ווי נאָך געפאנגענשאפט,
און אָנהויבן צו מעסטן זיך די קראפט.

דער לאָמפּ איז קליין, ער רויכערט אויפן טיש
אין דאָרף נישטאָ נאָך עלעקטריציטעט
דער גוטער ווייץ מיט פּסולת — א געמיש.
מען אקערט מיטן פערד, די האנט פארזייט.

די ווילדע חיה איז נאָך ניט געטויט.
דאָס וואָלפן־אויג אין פוקסן־שמייכל זיסן
די עק־ציין און די נעגל שטייען גרייט,
מיר האָבן זיי נאָר ניט ארויסגעריסן.

ס׳האָט אויפגעשיינט א שטערן לויכטנדיק
אין אונדזער הערבּ. ער ציינט דעם וועג צום גליק
נאָר קיינמאָל ניט דעם וועג וואָס פירט צוריק,
ביים שווערן קאַמף, וואָס דאַרף אונדז ברענגען זיג.

פון וויסטעניש זאָל ווערן זאטע פעלדער
און אויף די סטעפּן רוישנדיקע וועלדער,
וואו שטורעם־ווינטן קלאפן אין די צווייגן
און מוזן אונטערגעבן זיך און שווייגן.

און רחבות ווערט, א גאנצע וועלט צו שפּייזן
און איבער דערפער לאָזט אראָפּ זיך ליכט,
פאר אלטקייט גייט אוועק דאָס אקער־אייזן
און ס׳קומט קאָמביין מיט שטראלענד פריש געזיכט.

און אויך דאָס רויכנדיקע לעמפּל, קליין,
ביי וואָס מיר לייענען היינט און פּליגלעך זשומען,
וועט ווערן בלאָס, אויף אייביק אונטערגיין
אין גלאַנץ פון צייטן שענערע, וואָס קומען.

ווען לאָמפּן־שטענגלעך לויכטן אין דער ריי,
אין קאָלעקטיוו, ווי היינט דער טאָג פאַרשווינדט,
נאָר אומעט פון אַ לאַנגער נאַכט — פאַרביי!
ווי פעדעמלעך פון שטעכלינקעס — אין ווינט.

דער, וואָס אַ מאַמע — הינטער אָט דעם שטערן,
האָט אים אַנטשלעפט דאָ, אויף די אָרעמס, שטיל,
דער וועט אַ גרויסער אינזשינירער ווערן,
ער וועט נאָך איבערשטייגן אונדזער ציל.

אונטער דעם שטערן פון דעם שוין באַפרייטן
פון זיינע שווערע קייטן פון פאַרצייטן,
שטייגן מיר ברידער, האַנט אין האַנט, אין גליק,
באַזיצער פון דער ערד, פון דער פאַבריק.

מאריא באנוש

# צו דיר, אמעריקע, רעד איך

צו דיר אמעריקע, איך רעד צו דיר
אין דיינע אומרויקע אויגן קוק איך.
דיין לויטער, ניט געשמינקט פנים זע איך.
גיט מיט אמעריקע, וואָס פייט און לינטשט
אויך ניט מיט דער באשיצערן פון אויסגעלאסנקייט און
פון פארבראָך
אויך ניט מיט דער מכשפה, וואָס פארפירט צום שדים־טאַנץ
פון די מיליארדן.
צו דיר נאָר,
אמעריקע, דו איינפאכע, איך רעד צו דיר.

די זין און טעכטער דיינע קומען פון דער ארבעט,
פון די ביוראָען און פאבריקן.
די גאסן, באנהייף, אויטאָבוזן
די גאנצע שטאָט
איז פולגעפאקט מיט זיי.

איך זע פון דיינע מאמעס, איינע, ווארט אויף איריקע.
ס'איז אָוונט

זי האָט געשטעלט דאָס עסן צום דערוואַרעמען
און אויף דעם טישטוך שפּיגלען שוין די טעלער.
זיי קומען אָן.
דער ייִנגסטער עסט און איילט זיך.
די ברידער זען און חכמענען זיך און אים רייצט דאָס.
ער שיבט דעם טעלער אין א זייט
און הויבט זיך אויף.
מאכט פּייכט דאָס קעמל און אריין דערמיט אין דער זאדערעטער
טשאָפּרינע.

אין שפּיגל זעסטו זיין געשפּאנטע צורה.
די זיסע און באקאנטע צורה
ווי גאָרניט אויף דער וועלט איז דיר ניט אזוי טיף באקאנט.
דאָך, זע נאָר, אף דעם קינדיש מאנסבליש פּנים
האָט זיך באוויזן
עפּעס נייעס פרעמדס און מעניש.
הויבסט אָן פארשטיין, דו שווייגסט, דו בלייבסט אָן לשון
„העלאָ, מאמע!"
און ער פארשווינדט.

העט שפּעט, ווען איטלעכער פון שטוב איז איינגעשלאָפן
און דו? געענדיקט מיטן וואשן און פארוימען
כאפּסטו דיך שטיל ארויס
אויפן קליינעם גאניקל.
א דורכזיכטיק צווייגל
לאָזט זיך צו דיר צו.
ס'פּילט זיך מאי־נאכט.

און פייכטע וואָרעמע ערד.
און דו פארטראכטסט דיך.
יעדעס אָדערל אין דיר
דערמאנט זיך
און ציטערט,
ווי א פידעלע, הארצרייסנדיק און לינד. —
אין א נאַכט ווי איצטערט, נאָר שוין לאנג דערינען,
דאָך גלייך ערשט נעכטן ס'איז געשען.
א פלוצימדיקע כוואליע גליק
האָט דיך ארומגענומען,
דיך אויפגעהויבן
צום ערשטן מאָל.
די אקסלען פון געליבטן מאן, די האָר,
די פינגער אייערע איינס אין אנדערן געפלאָכטן
די הערצער, ווי צוויי פייגל צו גרוים אין זייער ענגן שטייגל
פארטומלטע
און גרייט די ווענטלעך שפאלטן
און זיך אין פרייען רוים צו שליידערן. —
און איצטער קומט די ריי פון דיין מעזונעק...
אויך ווי אצינד האָבן געשמעקט די פייכטע בייטן, צייטיק,
און אויך ווי איצט א דורכזיכטיק לילא־צווייגל
האָט דאָרט געשטראלט,
גלייך ווי א קוואל פון ליכט.

נאכט.
אויפן גאניק שטייט די מאמע
מיט דער פלייצע אָנגעשפארט אין וואנט פון הויז.
(אייגן הויז, באצאָלט די ראטן

מיט פיל יאָרן מאנגל, שווערע האָרעוואניע.
ס'הויז אין וועלכן ס'איז געקומען אויף דער וועלט
איר מעזונעק)
שטייט די מאמע אינעם צענטער פון איר קליינעם אוניווערס
טראכט צו די פארגענגלעכע מינוטן גליק,
די ארויסגערוסענע ביי ארעמקייט און קראנקהייט.
צו זייער קאלעמוטנע לעבן, — אין א סכנה.
שוועבט א כמארע איבער איר געזיכט
און פארטרייבט דעם שמייכל פון צופאָר.
וואָס וועט זיך אויסקלויבן פון דעם אלעמען ?
וואָס ווילן זיי מאכן פון איר קליינעם אוניווערס ?
ווער איז דער וואָס וויל ?
ראדיאָ זאָגט, זשורנאלן שרייבן,
ס'רעדן סענאטאָרן, גענעראלן,
ס'הערן זיך לידער און געשרייען.
מיטן פינגער ווייזט מען דיר העט ווייט
אויף דער סודותפולער ערד פון אייראָפּעס מזרח זייט :
„דאָרטן, דאָרטן, דאָרטן !
דאָרט, אמעריקע, גיב אכטונג !
דאָרט ווערט צוגעגרייט אטאָמישע באָמבעס.
אייראָפּע גרייט זיך צו צו דיר צו קומען,
דיר דיין לילא־צווייט, אויף דיין וועראנדע, אויסצורייסן
מיטן וואָרצל,
דיר דיין הארץ צערייסן.
לאָמיר זיין די ערשטע
און פארוואנדלען זייערע לענדער אין א וויסטע.
כדי ביי דיר אין גאָרטן זאָל דער לילא־צווייט,
יעדן פרילינג, קיינמאָל אויפהערן צו בליען.״

אוי, מאמע, מאמע !
אוי, אמעריקע דו איינפּאכע !
דער ליגן האָט זיך פעסט ארומגעוויקלט ארום דיר.
דו פילסט ניט.
דער ליגן איז דיין שטאמגאסט,
ער עסט אוים דיין געפעס,
דו זעסט ניט.
ביי דעם יסוד, אויף וואָס ס׳שטייט דיין פריפּעטשיק
טוט אויסוואַרעמען די שלאנג
א דור פון איר געשלעכט.
דאָס ווייסטו ניט.
ביי דעם צוקאָפּנס פון די קינדער דיינע
לאָקערט דער ליגן
און דו ציטערסט ניט,

איצטער אין דער דאָזיקער שעה פון שטילער רו,
ווען דו זיצסט דיר אויף דער באנק פון ביי דיין טיר.
ווען די הענט פון ארבעט שערסקע, מידע,
רוען אָפּ זיך אין דיין פּאָדעליק,
ווען די אויגן דיינע, אומרויקע, גוטע,
פאַרשן אין דער העלער נאכט פון מאי.
עפן דיך אינגאנצן, גיב דיך איבער
דעם טרוימליכט וואָס סע נידערט איבער דיר.

אויסגעשפּרייטע קאָנטינענטן שוועבן
אויף די טונקל-בלויע אָקעאנען דעם פלאנעטס,
ווי מיגים גרויסע בלעטער פון סמאראגד.

און די אויסגעשפרייטע וואסערן און ערדן
וואָס די שווארצאַפּלען פון דיינע אויגן שפּיגלען אָפּ
ציען זיך צונויף אין זייער פאַרנעם,
ווי אין אייביק אמתן מעשהלע
דער קינדערהייטס.
זיי ציען זיך צונויף, פאַרייניקן זיך
ביז ס'בלייבט, פון אַלעמען, זייער תמצית נאָר:
א אינזעלע א קליינס
א ברעקל הויף,
א בוים, א קערנעצע,
אין דער מיט א שטוב
מיט מענטשן
און — א גאַניקל ארום.
וואָס זיינען ווייטקייטן?
וואָס זיינען אָקעאַנען?
די צייט אין וועלכער מיר לעבן, שלינגט זיי איין,
די ווייטקייטן? פאַרבלענדזעניש און רויך!
פאַרבלענדזעניש און רויך!
איירָאָפּא איז דאָ, נאָענט לעבן דיר,
איז אקעגן,
א שכנטע,
א שטוב אין שכנהשאפט,
א פרוי, א שכנטע
וואָס דו קענסט זי נאָך ניט.

אויך די פרוי פון דאָרטן שלאָפט ניט,
זי קען ניט שלאָפן.

זע נאָר. ווי זי עפֿנט אויף די טיר,
ווי זי שאַרט זיך שטיל אַרויס,
ווי זי קילט איר שטערן ביי דעם באַלקאָן פֿונעם נאַניק.
וואַרעם איז די העלע מאַי־נאַכט.
זי אָבער, זי ציטערט, שלעפּט צונויף איר וואָלענעם שאַל
פֿעסט אַרום די קיילעכדיקע שטאַרקע אַקסלען.
ס'ברייטע פּנים שיינט
אירע גלאַט געקעמטע האָר
גלאַנצן אין דעם אויסגעשפּרייטן ליכט פֿון דער לבֿנה.
אירע ליפּן פֿליישיק און האַלב אָפֿן, ציטערן
און איר ברוסט באַוועגט זיך אויף און אָפּ.
וועלכער גרויל האָט איר שלאָף צעשטערט?
און אַרויסגעיאָגט זי אין דער נאַכט.
וועלכן ווילדן טרוים האָט זי געטרוימט?

ס'איז מיר ווי, פֿאַרוואָס איך קען אים,
און אַן אינעווייניקסטע קול באַפֿעלט מיר:
„גיב דעם חלום איבער"! „צייג אים"!
ווייל ווי קאָן אַ מענטש אַרויסרעדן אַזעלכע
מוראַדיקע איבערקערענישן
און זאָל ניט צעגאַנגען ווערן פֿון געוויין
און זאָל ניט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטיין.

ס'איז געשען צוריק מיט יאָרן.
פֿאַר דעם דאָזיקן חלום,
פֿאַר דער דאָזיקער נאַכט,
ס'האָט די פֿרוי אַ מאַן געהאַט.

דאָס פּנים א שטרענגס
מיט גוטע, גרויסע הענט.
זי האָט א קינד געהאט
ווי אַלע קינדער זיינען
ביי א יאָר מיט עפּעס
אביסל קאָמיש, גראָבטשיק,
די פיסעלעך געבויגן.
פאר איר אָבער איז דאָס געווען
דאָס שענסטע קינד פון גאָר דער וועלט.
זי האָט געהאט א צימער, אויף די ווענט ארום מיט בילדער.
זי האָט געהאט א שאפע, וואו זי האָט נעהאלטן, צווישן וועש
מיט א בינטעלע מענעטקע, (פאר א סגולה)
א העמדל פון א ניי געבוירענס,
מיט פעסטאָנס ביים קרעגערל.
זי האָט געהאט א פשוט גליקלעך לעבן
מיט דאגות איינגעפלאָכטן.

דער קריג קומט אָן
און ס׳גייט אוועק דער מאן
און זי פלעג מוטיקע, נאָר קורצע בריוו פון אים באקומען:
„דו, האָב ניט מורא, ליבסטע! כ׳קער מיך אום!"
זי פלעג גיין ארבעטן אין א פאבריק
און אויפדערנאכט זיך אומקערן אהיים
צום קינד און צו דער אלטער.
דער לילא־צווייט האָט דעמלט אויך געבליעט אין זייער געסלי,
נאָר ניט פאר איר.

דערנאָך האָט זיך דער קריג דערנענטערט
אַלץ נענטער
ביז ער איז אַריין צו זיי אין געסל
און אויפגעמאַכט די קינבאַקן פון שטאָל.
אַרויסגעלאָזט דעם לאַנגן ברום פון די סירענען.
אין אַ טאָג, נאָכן אַלאַרם.
לויפנדיק, ביים אומקערן זיך פון דער אַרבעט,
אין עק גאַס
איז גאָרניט מער געשען.
גאָרניט מער,
ווי נאָר אַ לאַנגער קוויטש
אַ שוואַרצער בליץ,
וואָס האָט זי דורכגענומען
און איינס מיט איר געוואָרן.
געפאַלן אין זיג־זאַג
אַריין אין אָפּגרונט
און טאַקע באַלד קומט אָן די רגע
ווען זי דערפילט דעם דנאָ פון פינצטערניש
און זיך גענומען קראַצן די פאַרקוילטע ערד.
קיינער קען באַ איר ניט פועלן ניט צו קראַצן.
„אַזוי וויל איך!" מורמלט זי.
„אַזוי וויל איך! ווער טו איך עפּעס?
איך האָב ליב אַזוי".

און זי קוקט צו דיר פאַרוווּרט
מיט אַ בלאָנזשענדיקן, טרייסטנדיקן שמייכל.
די ווייבער שטייען דערשראָקן און זיי בעטן.
דערנאָך, אין אמתן, איז גאָרניט מער געשען.
איר גייסט האָט פינצטערניש אַרומגענומען.

ווען ז'האָט דערוואכט איז דאָס געשען ביי א שכנה,
זי וויל איר קינד זען און מען לאָזט זי ניט.
די שכנים האָבן דאָס באוויינט, באגראָבן
דערנאָך, — דאָס לעבן בלייבט ניט שטיין,
געגאנגען ווידער צו דער ארבעט,
געארבעט און געשלאָפן און געגעסן.
„דו, האָב ניט מורא. ליבסטע! כ'קער מיך אום."
ער האָט ניט וואָרט געהאלטן.
זי זעט און פילט אלץ אין זיך און ארום זיך — אש
אין בוזעם — אש.
און אויף דער צונג איז אש.
די צייט פארגייט.

ביז אין א טאָג,
אויף דער פארקוילטער ערד
אויף פריסעק און אויף שטיין
האָט אונגעהויבן שפּראָצן ווי א וואונדער,
פעדעמלעך פון גראָז,
פון לייכטן ווינטעלע געגלעט.
זיי רירן זיך מיט פרישע ליבע אָן.
קלאַפּט ווידער לעבן איר א מאנסבילש הארץ
און אירס דערנעבן.
און ווידער האלט זי אין די שטארקע אָרעמס אירע
פעסט ארומגענומען
דעם קערפּער פון א מאן, וואָס איז איר ליב.
און ווידער שמייכלט איר א צוקונפט.

כאַטש אָרעמע, האָט אָבער ניט געפעלט קיין מוט,
און מ'האָט איניינעם זיך אַ נעם געטון צור ארבעט
מיט ווילד עקשנות.
זיי האָבן טיף אריינגעשטעקט די גראָבהאַק,
דאָס אָנגעשיטע אין אַ זייט געוואָרפן
געשלעפט די טאַטשקעס אָנגעלאָדענע מיט קאַלעך און צעמענט
געבראַכט די שווערע שטאַמען טענען
פון ווייטע שטרעקעס.
אליין די סקעלעס אויפגעשטעלט.
די דלאָניעס בלוטן,
די אַקסלען הענגען זיי אַראָפּ ווי בלייערס,
מען גלייכט זיך אויס די לענדן
און מיט פאַרביסענע ליפּן בויט מען ווייטער.

ס'האָט ווידער אויפגעלעבט דאָס זומזען פון מאַשינען אין פאַבריק,
דאָס רוישן פון די ביימער אין די גערטנער,
דאָס קנאַקנדיקע פייער־ליד ביים נייעם פריפּעטשיק.
זיי האָבן אויף דעם חרובן פּלאַץ
מיט אייגענע הענט,
דער האָפענונג אויפגעשטעלט אַ היים.
דערנאָך איז אָנגעקומען אויך די דאָזיקע נאַכט
ווען אויסגעצויגן אויף דעם שמאָלן בעטל
האָט זי דערפילט, אין בויך, דאָס קינד ווי ס'וואָרפט זיך.
זי ליגט און רירט זיך ניט,
באַפאַלן פון אַ קאַלטן שוויס, ווי אייז.

און באַלד דערפילט זי ווי סע הויבט זיך איבער איר,
די פלוצעמדיקע כוואַליע פרייד.
איצט חלומט זי אין שלאָף.

אוי, מאַמע, מאַמע!
אוי, אַמעריקע, דו איינפאַכע!
איך ווינטש דיר קיינמאָל ניט צו וויסן
דעם טעם פון גליק
געמישט מיט אַש און בלוט.
ס'זאָל דיר ניט באַשערט זיין צו דערלעבן
די פינצטערע שרעק פון ווידער צו זיך קומען,
פון לעבעדיק צו ווערן
און ניט דאָס שוועבן, פלאַטערן אין ליכטיקייט,
פון אָט א דער וואָס האָט איינמאָל געפילט, זי טראָגט
דעם שטיין פון איר מצבה אויפן רוקן.
אוי, מאַמע, מאַמע!
איך ווינטש דיר, די חלומות אירע קיינמאָל ניט צו חלומען

## דער חלום:

ס'איז געשען:
פונעם קעלערשטובל פון זייער פרירער הויז
פון זייער הויז וואָס עקזיסטירט ניט מער.
הויבט זיך אויס דער פינצטערניש, אויף טרעפ,
זייער פרירער קינד, וואָס עקזיסטירט ניט מער.
ס'הויבט זיך צום באַשיינטן ווינקל
פון דער רינגווע מיט צענומענע טירלעך.
הויבט זיך שפּאַן נאָך שפּאַן
וויאַזוי א קינד פון צוויי יאָר טוט געוויינלעך.

ביידע פיסלעך מיט אמאָל אויף יעדער טרעפּ,
אָנגעטאָן אין העמדל מיט פּעסטאָנס
וואָס זי ווייסט, אז עס עקזיסטירט ניט מער.
זי, פון אויבן, ביים ארייננאנג, ווארט אויף אים,
וואו ס'ענדיקן די טרעפּ.
מאכט אים מיט דער האנט, א צייכן, וואו זי איז.
אָבער ער, גלייך ווי ער גליטשט זיך אויף די פּייכטע טרעפּ,
מיט די גראָבטשיקע, געבוינענע פיסלעך זיינע.
און קוקט צו איר, ווי ברוגז.
אָבער ניט מיט אויגן פון א קינד פון צוויי יאָר
קוקט עס צו איר,
נאָר מיט אויגן פון איר איצטיקן מאן,
מיט די אויגן פון איר קינד פון איצטער,
וואָס זי ווייסט אז ס'איז נאָך ניט געבוירן.
זי, שטרעקט אויס די הענד צום קינד
און דאָס קינד שפּאנט העכער, העכער.
אָבער טיפער לאָזן זיך אראָפּ די טרעפּ
און דאָס קינד ווערט קלענער, קלענער,
אלץ פארלוירענער
ביי דעם אנדערן עק.
נאָר די אויגן וואָס זיי קוקן נאָך צו איר, צו איר...

ניט געקווישטעט
ניט אין שלאָף און אויך ניט שפּעטער
פון די פינצטערע חלומות,
פון דעם איבערגעלעבטן
וואָס ס'חזרט זיך איר אין איר חלום.

אָן רעש
דעם פארהאָרעוועטן מאַן ניט אויפצוּוועקן,
האָט זי ארויסגעשארט זיך אויפן גאניקל פון דאָ אקעגן
קענסט זי זען
מיט די שיינענדיקע, ברייטע באקן אירע.
אירע גלאַט געקעמטע האָר,
ביי דעם קלאָרן ליכט פון דער לבנה
אירע פליישיקע און האלב־געעפנטע ליפן ציטערן.
זע, ווי נאָענט זי איז! א שפאַן די ווייט!
נידעריקער מיט עטלעכע טרעפ.
איבערן־גאָרטן־טירל,
שטרעק אוים די האנט
קענסט זען דעם ציטער פון איר וואָלענעם איינהיל
וואָס נעמט ארום די קיילעכדיקע, שטארקע אקסלען אירע
קענסט זי זען פון נאָענטן.
אירע פייכטע אויגן,
וועלכע וויסן פון א טויט צו זאָגן
און פון תחיית המתים.
זע, אצינדערט קוקט זי אויך צו דיר.
און איך זאָג דיר:
ניט דאָס אייראָפּ פונעם האקנקרייץ, פון מערדערייען,
ניט דער הונט מיט בלוט פארלאָפענע אויגן,
אייזערנע ציין,
און באקלעבט מיט בלוט די פעל,
וואָס וואָלסטריטס גענעראַלן, פאבריקאנטן
פירן אויף דער קייט, —
דער וועט קיינמאָל דיר דעם אמת זאָגן.
דיר, דער איינפאכער אמעריקע.

הער דיך צו צום פילגעפּרואווטן
אמתן איירָאָפּ
מיט זיין קלאָר און מענטשלעך פּנים,
ענליך דיר
נאָר א גרעסערער בר־דעת און געשטאָלטער אינעם קאמף
מער עקשנותדיק און איבערלייגטער,
מער אנטשלאָסענער דאָס לעבן צו באשיצן,
אָט דאָס שווער פאַרהאָרעוועטע לעבן.
וועסט דערקענען אז זי ציטערט ניט פאר מורא
נאָר פאר ליבע און פאר גרויס רחמנות
סיי אויף זיך אליין און סיי אויף דיר.
וואָס אומרחמנותדיקע אויסנוצערס
ווילן אייך פארפירן אין אן אָפּגרונט,
מאכן אייערע האָפענונגען צו נישט.
דאָס איז די, וואָס סענאטאָרן, גענעראלן זאָגן, אז זי וויל מלחמה
מיטן פינגער ווייזט מען דיר אויף איר.
אין שאנטאנען, אויפן מארקפּלאץ, אין זשורנאלן, אויף פּלאקאטן,
ווערט געשריבן און געזונגען און געבילט.
ווען איר וויל מען באפרייען דעם משוגענעם הונט
כדי זי אויף שטיקער צו צערייסן
און זיי רייצן דיינע קינדער אָן, אין איר ארייַנצוהאקן
און די טויטפארקויפער זאָגן: (ווען ס'קומט זיי אוים)
„איירָאָפּ איז דאָך ווייט.
לאָז דער שטורעם פייפן
און איר קאָפּ פארטומלען
און א בליץ זאָל זי אנידערשמעטערן

און איר שטוב זאָל איינגעזונקען ווערן
אין דעם פייער־אויוון פון אטאָמישער באָמבע.
דו, אמעריקע, זיי רויק, האָב ניט מורא!
גיי אריין אין שטוב און לאָז אראָפּ די לאָדענס!
צינד דעם לאָמפּ אָן אויפן קיילעכיקן טיש,
נעם ארויס די שפּיזלעך פון דעם וואָלענעם קנויל,
און שטריק דיר ווייטער וועגן זון
ראָס אָנגעהויבענע לייבל!"
אוי, מאמע, מאמע,
אוי, אמעריקע, דו איינפאכע!
איך וויל דיר גאָרניט עפּעס אנדערש זאָגן
ווי נאָר דעם לעצטן, פון דעם היינטיקן טאָג, דעם ריינעם
אמת:
די וועלט איז קליין.
די ווייטקייטן? פארבלענדזעניש און רויך
פארבלענדזעניש און רויך,
ס'איז שמאָל דער אקעאן, וואָס טיילט אונדז איבער,
ווי אָט דאָס געסל
מיט שטיינער אויסגעפלאסטערט,
באהעלט פון דער לבנה,
וואָס ציט זיך צווישןביידע רייען הייזער
דער שטורעם זאָל חלילה ניט אָנהייבן,
דער בליץ זאָל ניט אריין.
דער זעלבער פלאקער
וואָס וועט איינברעכן
די שווארץ געוואָרענע באלקנס פון מיין דאך
דער וועט אויך דיינע ווענט און פענצטער אָנהויבן צו לעקן
זיך מאכן וועג צו די אראָפּגעלאָזטע לאָדנס

און זיי, אין אש פארוואנדלן, וועלן זיך צעפאלן
פיל גרינגער ווי צוויי פליגל פון א זומער־פייגעלע.
דער זעלבער ציטער
וואס וואלט געמאכט די ווענט פון מיין היים זאלן זיך צעשאקלען
דער וואלט אויך מיט דיין קאפ געטרעסעט
און אויך דעם לאמפ פון אויף דיין קיילעכיקן טישל איבערגעקערט.
און פון דעם לייבל, אויף דער העלפט שוין פארטיק,
וואלט אש זיך אויסגעקליבן.
ס'איז שמאל דער וועג וואס טיילט אונדז איבער.
קיינער קאן דעם גורל אונדזערן אין צווייען שפאלטן.
ביי דער פארפלייצונג וואלטן אונדזערע ביידעם הייזער גלייך געליטן.
דאס בלוט וואס מיין הארץ וואלט געבלוטעט
וואלט אויסגעמישט זיך מיט דעם דייניקן.
שוועסטער מיינע, חברטע, ס'איז ניט צו שפעט,
נאך איז ניט צו שפעט.
קאטשע זי ארוים די שלאנג, דעם ליגן,
וואס האט זיך ארומגעוויקלט ארום דיר
און צעטרעט זי!
פון אונטערן צוקאפנס פון די ליבע ריים אוועק זי און צעטרעט,
כדי דער טויט מיט זיינע גיפטיקע ליפן
זאל אונדזערע קינדער קיינמאל מער ניט קושן
און דיין לילא־צווייגל אין דער נאכט פון מאי
זאל זיך צו דיר באווייזן לויטער און אומשולדיק
און אין אונדז נאר פריילעכע געדאנקען וועקן
תמיד און תמיד.

# אינהאלט

## קינדער־לידער

זייט



## אמאָל און היינט

# איבערזעצונגען

בוך־פֿאראנטוואָרטלעכער : מ. ריספּלער
טעכנישער־רעדאקטאָר : זשעטא שטראָמינגער
קאָרעקטאָר : ב. ווילנער

איבערגעגעבן צום זעצן דעם 56.10,29. דרוק פֿעאיק דעם 57.02.26. טיראזש: 610, מאט־וועלין־פּאפּיר: 80 גר. אויף קוו. מ. פֿאָרמאט 32/1000/700. פארלאג־בויגן 3,93. דרוק־בויגן 5.12 ערשטע אויסגאבע. באשטעלונג 2494. 03754 .A פֿאר קליינע ביבליאָטעקן קלאסיפֿיצירונגס־אינדעקס 1—A 8.

געדרוקט־געוואָרן לויט דער באשטעלונג 2037 אין דער פּאָליגראפֿישער אונטערנעמונג נומער 1. גאס, גריגאָרע גלעקסאנדרעסקו 93־95, בוקארעשט — ר. פּ. ר.